

## אַברהם זאַק

**פאָרטרעט פון די דרײַסיקער יאָרן, געמאָלן פון** קינסטלער פעליקס פרידמאַן ע״ה — **קדוש פון וואַרשעווער געטאָ.**

**רעפּראָדוצירט פון די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער"**

הילע פון מאַלער בען (פּאַריז)

אינערלעכע טיטל־זײַטן פון מאַלער לעאָן פּאָד

פּאָרטרעט פון מחבר — פעליקס פרידמאַן

# אינהאַלט:

זייט:

## אויפן וועג פון קדושים



## דער בלויער ערגעץ



זייט:



## אויף דעמער־וועגן

## ייִדישע אַקאָרדן



## איבערדיכטונגען

# אויפן וועג
# פון קדושים

## פון הייסן אַש

(סאָנעט)

אָפּט גלויבט זיך נישט, אַז איך אַליין נאָר, איך נאָר איינער
איין לעבעדיקער פון די אַלע פיל מיליאָנען, —
אַז כ'בין אַרויס אַ גאַנצער פונעם טאָל פון ביינער...
אָפּט גלויבט זיך נישט, איך קאָן אַמאָל עס גאָר נישט אָנען.

מסתמא בין איך אויך אויף אַש פאַרברענט געוואָרן
ווי יענע, גלײַך ווי אַלע מײַנע שוועסטער, ברידער.
געברענט, געברענט ווי חומשדיקער מדבר־דאָרן
און בין פון הייסן אַש אַרויס צום לעבן ווידער.

נאָר ווי און ווי אַזוי — מיר דינט נישט דער זכרון,
גלײַך ווי עס וואָלט אויף ס'נײַ אַ מוטער מיך געבאָרן: —
צו שרײַען צו דער וועלט, אַ חשבון צדק מאָנען

פאַר אַלע טויטן דורך די גאַז־קאַמערס, דורך פלאַמען;
פאַר די געשאָכטענע — פאַר יעדן קינד און מאַמען, —
דעם גאַנצן לאַנגן חשבון פאַר די זעקס מיליאָנען — — —

וואַזשע הערמאָסאָ, 1963.

## אויפֿן וועג פֿון קדושים

דאָרט אויפֿן וועג פֿון מחנות קדושים האָבן זיך באַגעגנט
מײַן גרויע מאַמע מיט מײַן „קדיש" — מיט מײַן זון.
זיי האָבן זיך געטוליעט אין דעם לעצטן וועג צוזאַמען,
געטריבן אונטער אַ פֿאַרשעמטער טריבער זון.

עס האָט געוואָרט אויף זיי דער לאַנגער טויטן־טאָל פֿון ביינער —
אויך זיי צו ליגן דאָרט עס איז געווען באַשערט.
מיליאָנען ברידער־ייִדן האָבן פֿול געמאַכט יענץ טאָל דאָרט —
ווען ס'האָט אַ מבול בלוט פֿאַרפֿלייצט די קללה־ערד.

מײַן אַלטע גרויע מאַמע און מײַן יונגינקער בן־יחיד
מיט זײַנע זיבעצן ערשט אויפֿגעבליטע יאָר... —
איצט צינד איך ליכט אין יאָרצײַטן, זאָג נאָך מײַן מאַמען קדיש
און קדיש נאָך מײַן „קדיש" אין אַבלים־כאָר — — —

ב. אײַרעס, 1963.

# אין די פלאַמען

דעם הייליקן זכר
פון מײַן בן־יחיד אַלעקסאַנדער.

ביסט אויפגעגאַנגען אין די קרעמאַטאָריע־פלאַמען
מיט נאָך נישט־אויסגעלעבטער קינדיש־יונגער פרייד;
מיט גלידער צאַרטע, אויסגעפּיעשטשעט דורך אַ מאַמען —
אויך זי האָט דיך אין יענעם פלאַמען־וועג באַגלייט.

גענערט פון טיפער ליבשאַפט אין די דלד אמות;
דורך שויבן ליכטיקע אַ זון האָט מילד געגלעט;
געוואָקסן ווי אַ בוים — די פרייד פון טאַטע־מאַמעס;
מיט ברכה זיידע־באָבעס אין אַ פרום געבעט.

עס האָבן הימלען בלויקייטן פאַר דיר געשפּונען,
דיר אָנגעגרייט אַ העלן, שטראַלנדיקן וועג.
נאָר פּרי — צו פּרי, מײַן קינד — דעם טויט האָסטו געפונען,
אין פלאַם פאַרצערט די לויטער־אויפגייענדע טעג.

דײַן אַש צעשפּרייט אויף פּוילנס וויסטער ערד געבליבן.
איצט שאָקלען ווידער זיך שוין גראָזן דאָרט אויף זיי.
דײַן טאַטע־אָבער אין דעם ווײַטן וואַנדער טריבן
אַוועק איז מיט זײַן שוואַרצן טרויער און זײַן וויי — — — —

ב. איירעס, 1963.

# איך זע זיי אַלע

אין עלנט מײַנעם כ׳זע זיי אַלע,
די פרײַנט, וואָס אין זכרון;
אין גאַז־אויוונס, אין מאַסן־גריבער
כ׳האָב אַלע זיי פאַרלאָרן.

זיי קומען אַלע ווי די שאָטנס
אין מײַנע נעכט די טריבע;
ווער ס׳קומט מיט חברשאַפט, מיט פרײַנטשאַפט,
ווער מיט געטרײַער ליבע.

זיי לעבן אויף ווי דורך אַ כישוף —
און כ׳הער זיי ריידן, לאַכן.
כ׳פאַרברענג מיט זיי אין גרויסער חדווה —
ביז דמיון נעמט דערוואַכן.

ביז גרויער טאָג נעמט מיר דערמאָנען
די אַשן, מאַסן־גריבער.
און פײַנלעכער מיר ווערט דער עלנט,
נאָך פינצטערער, נאָך טריבער — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1963.

# פרילינג נאָכן חורבן

אַריבער צעגראָבענע ראָזן,
אַריבער פֿאַרשאָטענע גריבער —
די מאַסן־קברים —
אַרוים איז שוין גראָז.
פֿאַרשפּרייט איז שוין גרינקייט.
פּלאַצט־אויף אויך דאָ־דאָרטן אַ בלימל —
בלוי און ראָז,
רויט און גרין,
ווײַס און געל. —
שיקן שמייכלען אַרוים
פֿונעם גראָז;
שיקן שמייכלען צו פרילינג,
צו וועלט דער צעבלויטער.
גלײַך ווי גאָרנישט געווען,
גלײַך ווי גאָרנישט געשען — —

אַריבער צעגראָבענע ראָזן...
צעלאַכן זיך לויטערע הימלען,
ווי ימים פֿון בלוי ווײַט און ברייט.
לאַכט זון אויך אין חדווה צעגליטער,
אין איר אייביקער פרייד דער צעשטראַלטער —
זינט מעשה־בראשית.
גלײַך ווי גאָרנישט געווען,
גלײַך ווי גאָרנישט געשען — —

אַריבער צעגראָבענע ראָזן...
טאַנצן בינען פֿון בלימל צו בלימל,
זשומען אויס זייער פרייִלעכן ניגון,
זינגען שיכור פֿון דופט און פֿון פֿאַרבן
אַ לויב צום באַשאַף.

קרײַזן שוואַלבן אַרום אינעם תכלת,
אין מחנות־געיעג,
אין שיכורן שפּיל
פון „ער״ און פון „זי״...
גלײַך ווי גאָרנישט געווען,
גלײַך ווי גאָרנישט געשען — —

ב. אײַרעס, 1956.

## ס׳איז אָרעם דאָס וואָרט

ס׳איז אָרעם, אוי אָרעם דאָס וואָרט אין דײַן מויל,
דאָס לשון צו בלאָס און צו פלאַך. —
צו קאָנען דערציילן פון גאַנצענעם גרויל
נישטאָ גאָר, נישטאָ אַזאַ שפּראַך.

דאָס טויטן איין קינד בלויז רופט שווידער אַרויס,
נשמה מיט טרויער פילט אָן —
אָ, וואָס פאַר אַ וואָרט אַזאַ טרויער דריקט אויס
ווען קינדער מען שעכט אַ מיליאָן?

דער טויט פון דײַן מאַמען פאַראָבלט דײַן שטוב,
אין שוואַרצן פאַרהענגסטו די ווענט.
ווען מאַמעס מיליאָנען — אָן קבר, אָן גרוב —
צעשאָכטן, פאַרגאַזט און פאַרברענט, —

אָ, וואָס פאַר אַ וואָרט, זאָגט, פאַר אָט אַזאַ צער
פאַראַן איז אין מענטשלעכער שפּראַך?
צו אָרעם, אוי אָרעם דאָס וואָרט איז דערפאַר,
צו אָרעם, צו שוואַך און צו פלאַך.

איז פול איבער ברעגעס דאָס האַרץ פון אַ ייִד,
נישט אויסגעוויינט איז אַלץ די טרער.
נישט אויסגעקלאָגט אַלץ נאָך דער צער אינעם ליד,
אין קינות, וואָס וואַקסן אַלץ מער — — —

ב. אײַרעס, 1963.

# קאַשמאַרן

איך זע זיי אָפּט, די נאַצי־האָרדעס, אין די נעכט די שווערע,
אין די קאָשמאַרן מײַנע כ׳ווער פאַרפאָלגט פון זיי;
זיי לויערן אין ראָגעס פון די גאַסן וויסטע, לערע
און וואַקסן אויס, ווו מיט פאַרכאַפּטן אָטעם כ׳שטיי.

איך לויף פון זיי ווי נאָר מיר דוכט זיך, אַז זיי שנאַפּעז, גייען,
און אומעטום פאַר מיר אַן אַנדערער וואַקסט אויס —
מיט אויטאָמאַט געצילט צו מיר, מיט ברילערײַ, געשרייען;
אין ערגעץ כ׳זע קיין שוץ פאַר מיר — נישט גאַס, נישט הויז.

און ווו איך פרווו אַ טראָט צו טאָן — אָ, טויטע גופים ליגן:
פאַרבלוטיקטע, צעלעכערטע פון פיצלעך בלײַ.
די גאַנצע, גאַנצע שטאָט שוין טויט — ביז קינדער אין די וויגן.
ס׳איז אויס מיט לעבן שוין. עס איז שוין אַלץ פאַרבײַ — —

כ׳געפין נישט קיין באַהעלטעניש — איך פיל, כ׳בין אויך פאַרלאָרן:
מיט נאַצי־האָרדעס פול אַזוי די גאַנצע שטאָט!
ס׳פאַרקלעמען קאַלטע אַנגסטן מיך. איך שרײַ ווי דול געוואָרן...
אַ ליבע האַנט וועקט־אויף: אַ חלום?!... גאָט, מײַן גאָט! — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1963.

# שלום עליכם אין די געטאָס

ער האָט געמאַכט אונדז לאַכן
אויך אין דער טיפסטער פּיַין, —
ווען אונדזער וועלט געוועזן
גאָר אָן אַ ברעקל שיַין...

ווען ס׳איז מיט שוואַרצע כמאַרעס
דער הימל אונדז געווען;
און אויף דער ערד די שטריק נאָר
דעם תליונס מ׳האָט געזען...

ווען בלוט האָט זיך געגאָסן
פון זקן און פון קינד;
אַ סדום די וועלט געוואָרן,
אין הפקר און אין זינד...

ווען כלו כל הקיצין,
קיין שטערנדל אין נאַכט;
ווען גאָט דעם שער הרחמים
האָט אויך פאַר אונדז פאַרמאַכט... —

אין געטאָס דיַין געלעכטער
די טרייסט איז דאָן געווען;
אין רוצחים די נקמה,
זיַין סוף האָט מען דערזען...

געטרייסט האָט דאָן דיַין טוביה
מיט גוטע רייד, מיט טרער.
דער שטיין געוואָרן גרינגער,
געדריקט נישט אַזוי שווער.

דערגרייכט האָט דײַן געלעכטער
אין קרבנס אונטערערד, —
ווען אויבן האָט געלויערט
דער תליון מיט זײַן שווערד.

דו האָסט געטרייסט... דערוואַרט זיך
פון שחיטה־טעג דעם סוף.
אויף תליה הענגט דער תליון,
ווען טויט די בידנע שאָף — — — —

ב. אײַרעס, 1964.

# אין אַ טאָג פון יזכור

צום יאָרצײַט פון מײַנע פאַרטיליקטע
נאָנטע אין געטאָ וואַרשע
און געטאָ גראָדנע.

אויב נישט אין וואָר — איז אין מײַן חלום
איך זע זיי אין די נעכט.
זיי קומען פון די אַשן, שטויבן
און מאָנען זייער רעכט.

זיי קומען מײַנע אַלע נאָנטע,
ווי שאָטנס, גאָר אָן גוף.
און אין דער פינצטערניש פאַרנעם איך
מיט ציטער זייער רוף.

און ס׳ווילט זיך בעטן זיי מחילה
וואָס כ׳בין נישט צווישן זיי;
וואָס מיר באַשערט איז נאָך צו טראָגן
דעם אומגעשטילטן וויי.

אַז כ׳קוק מיט חשד צום ווײַטן הימל,
צום שמייכלדיקן בלוי.
מיר דוכט אַליץ: ס׳בלאָנדזשען הויך נאָך רויכן
פון אוישוויץ-בירקענוי.

זיי מאָנען די צעפליקטע לעבנס,
די נישט-דערלעבטע יאָר... —
ווען די תליונים נישט אין חלום,
נאָר לעבן אין דער וואָר.

זיי לעבן נאָך. אין מענטשן־מאַסקעס
באַוועגן זיי זיך פרײַ.
זיי טרוימען נאָך פון נײַע תּליות,
פון מאַסן־טויט אויף ס'ניי.

די פרעמדע וועלט פאַרגעסט, איז מוחל,
ס'איז גרינג איר מוחל זײַן.
נאָר מיר — מיר טראָגן אונדזער יזכור
אין אייביקייט אַרײַן — — —

ב. אײַרעס, 1966.

## אין טעג אין פאַרכטיקע

פון פוסטע שולן גייט נישט אויף שוין מער קיין תפילה
אין טעג אין פאַרכטיקע צום הימל אין דער הויך:
אַז אַלע יידן פון דער ערדה אויסגעשאָכטן,
אוועק מיט קרעמאַטאָריע־פלאַם, אוועק מיט רויך.

נאָר סיידן אויף די ווילד־פאַרוואָקסענע בית־עולמס
פון קברים וועלן אַלע מתים שטום אַרויס.
נאָר זיי, זיי וועלן מורמלען דעם ונתנה תוקף,
נאָר דער בית־עולם דעמאָלט ווערן וועט גאָטס הויז.

די טויטע פון די קברים וועלן זאָגן קדיש
נאָך די, וואָס אויסגעשאָכטן און נאָך זיך אַליין.
אַז נישט געבליבן דאָך אַפילו קיין יתומים,
די גאַנצע ערדה דאָך פאַרברענט, פון גרויס ביז קליין.

פון פוסטע שולן גייט נישט אויף שוין מער קיין תפילה,
אַן עלנטע די שכינה בלאָנדזשעט איצט אַרום.
ווו איז דער רב? דער ש"ץ? די דאַוונענדיקע יידן?
פאַרקלאַפּט מיט ברעטער אַלע שולן. חרוב, שטום — — —

ב. איזרעס, 1965.

## אין ימים נוראים

ווּ קאָנסטו גיין, דו נישט־דערקוילעטער, אויף קבר־אָבות
אין די פאַרכטיקע און יזכור־טעג? —
אַז צווישן ווענט געפאַלענע געפינסטו נישט קיין קבר,
אַלץ אין שטויב, אין אַש איז אַוועק.

אומזיסט דאָס בלאָנקען און דאָס נישטערן צעווישן חורבות —
אַלע, אַלע דאָך אַוועק אין פלאַם.
קאָנסט נאָר אין שטומען צער אַ טרער פאַרגיסן — זי וועט רינען
צו דעם הייסן טיפן טרערן־ים.

אַ וועלט אבלים און יתומים אויף דער ערד געבליבן
נאָך דעם גיהנומדיקן שפע־שניט.
איז פול דער גאַנצער חלל מיט די יזכורס און קדישים,
טרויער אייביקער אין הערצער גליט.

בלחש זאָג: „אל מלא...״ — און דערמאָן זיי אַלע, אַלע,
זייער טויט אויף פאַרמעטן פאַרשרייַב.
און זאָלן זייַן די נעמען פון די קדושים וטהורים
פאַר די אייביקייטן אַ פאַרבלייַב — — —

ב. איירעס, 1963.

## די סעפטעמבער - טעג

אָ, יענע טעג, סעפטעמבער-טעג פון נײַנצן-נײַן-און-דרײַסיק —
דער ערשטער שוואַרצער אָנזאָג פון אַ פאַלקס פאַרגאַנג...
אין די מגילות יידישע זײַט איר פאַרחתמעטע פאַרבליבן
מיט אותיות פון אונדזער בלוט אויף דורות-לאַנג.

דער הימל איבער וואַרשע כלומרשט בלוי איז דאַן געווען,
מיט פאַלשן תכלת אײַנגעהילט די גאַנצע שטאָט.
אַריבער די ממשלה איז צו שדים, צו משחיתים,
פאַרלאָזן האָט דעם ייִד דער אַלטער, אַלטער גאָט...

פון הויך צערעוועט האָבן זיך מעטאַלענע פאַרדאַרבער,
די זון האָט פון דער זײַט להכעיס נאָך געלאַכט.
אַזוי ווי קאַרטן-שטיבלעך בלאָקן גאַנצע אײַנגעוואַלגערט
און שריפות אויסגעפרעסן אַלץ דורך טאָג און נאַכט.

דאָס איז דער שוואַרצער אָנהייב נאָר אין וואַרשע דאַן געווען,
די בשורה נאָר פון ימים בלוט, פון ווינד און וויי...
דער אָנהייב פון דער גרעסטער, פון דער פינצטערסטער עקידה,
דער אָנהייב פונעם בראָך, פון יידישן פאַרגיי — — —

ב. איזרעס, 1962.

## פאַרן טויער

שטייסט פאַרן טויער פונעם עבר, —
נישט עפנען וועסט צוריק.
נאָר דורך אַ שפּאַרע פון זכרון
קאָנסט וואַרפן ווען אַ בליק.

פאַרצוימט אַלץ ווי מיט שטעכל־דראָטן,
נישט דורכגיין וועסט דעם צוים.
און אַלדאָס שיינע פונעם עבר
דו קאָנסט נאָר זען אין טרוים.

יאָ, אַלדאָס שיינע... אָבער זען וועסט
די מאַסן־קברים אויך...
אויך דײַנע נאָנטסטע, די פאַרגאַזטע,
די וואָס אַוועק מיט רויך — — —

עס טיילן אָפּ דיך ווײַטע ימען
פון יענער ליבער היים.
פון אַלדאָס שיינע — קופּעס ציגל,
נאָר קופּעס ציגל, ליים...

שטייסט פאַרן טויער פונעם עבר: —
אַ מאַסן־גרוב אַצינד...
אַהין דײַן קדיש, דײַן „אל מלא״
דערטראָגן וועט דער ווינט — — —

ב. אײַרעס, 1966.

# אַ גרוס פון וואַרשע

מען זאָגט, ס'איז וואַרשע איצט נאָך שענער,
באַקומען גאָר אַ נײַעם גלאַנץ;
ווו פריִער געטאָ-חורבות — איצט שוין
די שיינע בלאָקן אין אַ קראַנץ.

די גאַסן נײַ דאָרט און מאָדערנע,
באַפּוצט די סקווערלעך פריש און גרין.
דאָס האָבן „יורשים" נאָך די ייִדן
געמאַכט עסטעטיש על פּי דין.

געבליבן זײַנען נאָר די נעמען
פון גאַסן ייִדישע דאָ-דאָרט:
די נאַלעווקעס... די מוראַנאָווסקע...
נאָר אָן אַ ייִד, אַ ייִדיש וואָרט...

דעריבער ציט מיך נישט קיין וואַרשע,
כ'וויל יענע גאַסן גאָר נישט זען.
ס'איז נישט מײַן שטאָט מער, נישט מײַן וואַרשע
און נישט דאָס לעבן, וואָס געווען...

די שיינע בלאָקן איצט אין געטאָ,
איעדער יונגער, גרינער סקווער —
כ'וואָלט אַלץ געזען ווי אַ פאַרשווערונג,
מיך וואָלט געבריט אַ הייסע טרער.

יאָ, סײַדן דער בית-עולם גענשער —
ס'איז אונדזערס דאָרט איעדער שטיין.
(אַ פּשיטא שוין דער „אוהל-פּרץ"...) —
נאָר דאָס אַליין, נאָר דאָס אַליין — — —

אויפן אַטלאַנטיק, 1965.

# פון די שנייאיקע טײגעס

## עס טראָגט מיך דער חלום

ס׳טראָגט אָפט מיך דער חלום אויף פליגל
צוריק צו די טײַגעס, צו שניי,
ווו גורל געשמידט מיך אין קייטן,
ווו טרערן געקאַפּעט אין ווײ;

ווו וועלדער אוראַלטע און פליינען,
אין ווײַסקייט פאַרלירט זיך דער בליק;
ווו „זאָנעס" פאַרצאַמטע מיט דראָטן,
באַוואַכט פון טשעקיסטישן שטיק.

זעגסט יאָלקעס, האַקסטביימער, גראָבסט קזשאַקעס,
דײַן חבר — די האַק, צי די זעג.
פון פינצטער ביז פינצטער — נאָר שנייען
באַלײַכטן די קאַטאָרגע־טעג.

— „העי אַרבעט! פּוליאַקעס, די נאָרמע!"
„אומזיסט אײַך אַ „פּײַקע" — דאָס ברויט?!" —
גרילצט דער בריגאַדיר, אָט דער נוגש,
דער שומר, דער שליח פון טויט...

און אָט־אָ צערעוועט אַ ווינט זיך,
אַ ווירבל, אַ וויסטע זאַווײ;
פאַרהילט ווערסטו ווי אין תכריכים,
פאַרשאָטן מיט גליווער, מיט שניי.

עס פֿאַלגן די פֿיס נישט, די אבֿרים,
עס פֿאָלגט שוין די זעג נישט, די האַק.
די פֿינגער פֿאַרשטייַפֿט שוין ווי קלעצלעך,
דוכט דאָ איז דייַן קבֿר בייַם קזשאַק.

ביז צפֿון־טאָג טונקעלער ווערט שוין
און שטאַרקער דער פֿראָסט ווערט צעברענט, —
עס טאָפּטשען אין שנייען בריגאַדעס
צו קאַלטע באַראַקישע ווענט.

און דאָס איז די „היים", די „מנוחה"
אויף נאַרע, וואָס שמוציק און האַרט;
קומט שלאָף און פֿאַרמאַכט דיר די אויגן —
דערויף האָסטו קוים זיך דערוואַרט.
— — — — — — — — — —

ס'טראָגט אָפּט מיך דער חלום אויף פֿליגל —
כאָטש ווייַט יענע „זאָנע", העט ווייַט...
כאָטש ווייַט שוין פֿון יענע „דערלייזערס",
פֿון קנעכטשאַפֿט, פֿון פֿינצטערער צייַט — — — —

ב. אײַרעס, 1966.

## קברים אין טייגע

כ׳פאַרגעס נישט די עלנטע קברים אין טײַגע,
זיי ליגן דאָרט נאָמענלאָז אונטערן שניי.
גאָר פלאַכע די קברים, פון קנעכט קאַרג פאַרשאָטן, —
פאַרשיט זיי דערפאַר מיטן שניי די זאַוויי.

נאָך יאָרן פון מאַטער מיט זעג און מיט קירקע,
פאַרוואָרפן פון וועלט און פאַרוואָרפן פון היים;
נאָך שמוץ פון באַראַק אויף די ברעטער די האַרטע —
ווי גוט זײַנען לעצטע פיר איילן פון ליים.

דו דאַרפסט שוין נישט מערער די „פײַקע״ פון קלײַען,
ס׳יאָגט מער נישט בײַם קאַרטשעווען דער בריגאַדיר;
זעסט מער נישט דעם שומר מיט ביקס אָנגעלאָדן,
וואָס לאָזט נישט אַראָפּ גאָר די אויגן פון דיר.

זעסט מער נישט בײַ אים אויף דער ברוסט די מעדאַלן,
דעם „האַמער און סערפּ״ אויפן לאַץ פאַר זײַן „רום״.
שוין פּטור פון אַלץ אין דער גרוב אונטער שנייען,
נאָר אייביקע, עלנטע שטילקייט אַרום — — — —

ב. אײַרעס, 1967.

## פאַרצייכענישן

(לירישער רעפּאָרטאַזש)

ווען וועלדער עס וואָלטן
געוועזן נאָר פּענעס
און טינט — אַלע ים׳ען, —
אויך דעמאָלט געוועזן
וואָלט אַלץ דאָך אוממעגלעך
די פּײַנען באַשרײַבן, —
דעם יאָך יענעם שווערן,
דעם טאָל פון די טרערן — — — —

דוכט, כ׳האָב נישט גענוג נאָך
פאַרצייכנט,
פאַרשריבן לדורות
די שקלאַפן־חברים
אין טראַנטעס, אין לאַכעס,
אין ענגע באַראַקן,
אויף נאַרעס אויף האַרטע,
אין שורות געדיכטע,
אין נעכט אין קאָשמאַרע,
אָן מענטשלעכער מראה.

דוכט, נאָך אַלץ נישט פאַרשריבן
די פּײַנען די אַלע
אין זאָנעם פאַרצאַמטע
מיט פאַרקאָן, מיט דראָטן;
מיט „באָטשאַנעס” 1) הויכע

1) די הויכע וואַך־טורעמלעך אין אַלע ראָגן פון דער לאַגער־זאָנע פאַר די נ.ק.וו.ד.־שומרים. „באָטשאַנעס” — אַזוי האָבן די פאַרשיקטע פּוילישע ייִדן אַ נאָמען געגעבן די וואַך־טורעמלעך.

בײַ אַלע פיר ראָגן;
מיט ביקס, אויטאָמאַטן
פון לאַגער־סאָלדאַטן.

דוכט, װײניק פאַרשריבן
די קנעכט אין מיליאָנען,
די לעבנס צעפליקטע,
צעטראָטן װי װערים;
פון הײמישע טישן,
פון הײמישע בעטן
אין טײַגע פאַרװאָרפן,
אין װילדקײט ־אורזאַלטער,
װוּ אײַזיק די הימלען,
װוּ פראָסט נאָר און שנײען,
װוּ ס'װאָיען זאַװײען.
װוּ קאַטאָרגע־פראַצע
אין װעלדער אין װילדע
זױגט אױס גיך דאָס חיות;
דאָס זעגן, דאָס האַקן
די ריזיקע שטאַמען;
דאָס קאַרטשעװען פניאַקעס,
פאַרװאָרצלט אין באָדן
פון יאָרן פון לאַנגע;
דאָס דורכשנײַדן װעגן
אין בײמער־געדיכטקײט
אין שװײס און אין אַנגסטן,
מיט כוחות מיט לעצטע;
געיאָגט און געטריבן
פון נוגשים און נוטרים,
מיט „לאָזונגען” הױכע
פון לאַנד פון „גאולה” — — —
און — אמת! אױ אמת!
דאָ קומט אָפּט „דערלײזונג”:

אַ גרוב ווי אַ פלאַכע
אויף לאַגער־בית־עולם,
אין שנייען־תכריכים,
מיט שנייען פאַרשאָטן,
אָן שטיין, אָן אַ ברעטל
בײַם עלנטן בערגל;
פאַרגעסן, פאַרלאָזן
אויף אייביקע צײַטן
אין צפון אין ווײַטן — — —
ווי מענטשן פאַרוואַנדלט
אין חיהשע ברואים;
מיט צורות געשוואָלן
פון הונגער, פון סקאָרבוט.
די ברואים זיי זופּן
די מאָגערע זופּקעס
פון בלעכלעך־קאָטיאָלקעס, 2)
גאָר אָפּט צוגעזשאַווערט.
און גרוים די „סטאָלאָוועס" 3)
פאַר טויזנטער מײַלער;
באַראַקן־„סטאָלאָוועס" —
אָ, לאַנג ווי דער גלות.
מען גריזשעט די הערינג,
די מאָגערע, קליינע —
במקום פלייש אַ פּאָרציע.
דאָס פלייש נאָר פאַר „הארן" —
די שומרים, די וואַכן,
וואָס שיכורן, לאַכן.

און אין די באַראַקן
די פעסער פול וואַסער —

2) קעסעלעך. — 3) עס־שטיבער.

ס'איז וואַסער לרוב דאָ.
נו, זופּט מען נאָך הערינג
פון פעסער בשפע;
איז לעשט מען די שרפה,
דעם בראַנד אין געדערים.
און פּנימער ווערן
נאָך מערער פאַרשוואָלן,
די אויגן פאַרזינקען
אַזוי ווי אין גריבלעך;
פאַרלירט מען די ציינער,
בײַנאַכט — אויך די ראיה.
די הינערשע בלינדקייט
מאַכט שוואַרצער די נאַכט נאָך
אויף נאַרעס אויף ענגע.
פאַרלירן די שקלאַפן
דעם מענטשלעכן צלם —
צינגאַ 4) איז דער האַר דאָ.
ווען זײַנען די ברואים
נאָך מ ע נ ט ש ן געוועזן?
מיט האַריץ און מיט וועזן? — — —

איז ערגעץ אין זאָנע
פאַראַן אַ באַראַקל:
ס ט אַ צ י אָ נ אַ ר 5) המכונה.
די מעדיקער־שקלאַפן
מיט „סראָקן” 6) מיט לאַנגע —
ווי טאַטעס זיי זײַנען.
אַזוי אויך די „שוועסטערס”
מיט „יאָרעלעך” 7) לאַנגע —
די איינציקע מאַמעס

4) סקאָרבוט. — 5) לאַגער־אַמבולאַטאָריע. — 6) שטראָף־טערמין. — 7) געמיינט לאַגער־יאָרן.

פאַר מאַסע פון קענכט דאָ.
עס איז טערמאָמעטער
דער איינציקער גואל
פון פראַצע אין טײַגע
פון פינצטער ביז פינצטער:
אין רעגן, צי שנייען,
אין פרעסט און זאַווייען.
און טאַנצט טערמאָמעטער
העט הויך איבער נאָרמע,
האָט צוגעשפּילט מזל.
דאָס „גרויסע געווינס"
אויף דער לאַגער־לאָטעריע...
איז ליגט מען אויף דיל דאָ
מיט לעכצעניש טיפער;
איז וואַרטן די שקלאַפן
אויף די „ביולעטינען" 8) —
אַ טאָג כאָטש געווינען.

אַ טאָג כאָטש צו פרײַ זײַן
פון האַקן דיביימער
אין טײַגע אין ווילדער;
צו ליגן אויף נאַרע
אין מחלה, אין פיבער,
און זען כאָטש אין חלום
די היים, וואָס פאַרלאָרן.
און טרוים כאָטש פאַרגעסן
און מיינען: ביסט מענטש נאָך.
און וועלט נאָך אָנקוקן,
די שטאָט, וואָס דיר ליב איז;
און אָנקוקן גאַסן,

8) מעדיצינישע באַשטעטיקונג וועגן באַפרײַונג פון דער קאַטאָרגע־אַרבעט אויף אַ טאָג, צי עטלעכע טעג.

די היימיש-באַקאַנטע,
און אָנקוקן מענטשן,
אָ, מענטשן, וואָס לאַכן,
אָ, מענטשן אין פרייַדן,
וואָס טראָגן קיין יאָך נישט,
וואָס גייען אָן שומרים.
און דו אויך באַוועגסט זיך
גאָר פרייַ איבער גאַסן;
שפּאַצירסט איבער פּאַרקן,
באַרוישט פון אַקאַציעס,
וואָס ווייַסע ווי שנייען,
אין שטילע אַלייען,
ווו פּאָרלעך זיך פרייען — — — —
און דו —
דו ביסט אויך נישט אַליין דאָרט
אין דופטיקער גרינקייט —
מיט דיר דייַן געליבטע:
אַ פרוי מיט אַ שמייכל,
מיט חנען מיט צאַרטע,
מיט ווערטער געגאַרטע — — — —

נאָר אַ „ביולעטין" ווען
קאָן גורם זייַן חלום;
קאָן גורם זייַן רגעס,
וואָס דו האָסט פאַרלאָרן
אין בהלהקע יאָרן — — — —

דוכט, כ׳האָב נישט גענוג נאָך
פאַרצייכנט,
פאַרשריבן לדורות
די לאַגערשע ברידער,
די ברידער פון קאָמי.
די שקלאַפן מיליאָנען —
זיי מאָנען, זיי מאָנען — — — —

# דער בלויער ערגעץ

כאָטש כ׳ווייס, אַז ס׳האָט דער ווײַטער בלויער ערגעץ
קיין גרענעץ נישט, קיין סוף, קיין ברעג —
דאָך גוט איז לאָזן זיך אין הפקר־וואָגל,
אין שיינעם אומבאַקאַנטן וועג.

כאָטש כ׳ווייס, דער לאָקנדיקער בלויער כישוף
ער ברענגט קיין מאָל אין ערגעץ ניט;
אַז ר׳נאַרט דיך אָפּ אַזוי ווי ס׳נאַרט אַ חלום,
ווי ס׳נאַרט אַן עכאָ פון אַ ליד... —

כאָטש כ׳ווייס... דאָך דווקא וויל דײַן קאָפּ אַש־גרויער
פאַרגעסן גאָר די טריבע וואָר.
די טריבע וואָר, וואָס קריצט די טיפע קאַרבן
מיט יעדן אויסגעלעבטן יאָר.

ווײַל בעסער איז דיר, ליכטיקער צו בלאָנקען
אין ווײַטקייטן מיט בלויען טרוים... —
מעג ערגעץ לויערן פאַרפירערישער שטן,
וואָס טראָגט דיר שוין דעם לעצטן תהום — — — —

ב. אײַרעס, 1965.

# אין בלוי פון ספּערן

פּאַניען

פּאַראַן אויך טעג, ווען קאָנסט פאַרגעסן;
דו טוסט זיך אוים פון לעבנס יאָך.
דו טרינקסט די גאָלדענע מעת-לעתן,
מיט כולו יום-טוב ווערט דײַן וואָך.

לעבסט-מיט מיט זון, מיט בערג און טאָלן
און מיטן כישוף פון לאַזור;
פּאַלסט-צו צום ים, די כוואַליעס זאָלן
פון זאָרג פאַרשווענקען יעדן שפּור.

אין בלויקייט זינקט דײַן הײַנט, דײַן נעכטן,
פאַרהילט אין זילבערנעם געשפּין;
די כוואַליעס זינגען און זיך פלעכטן
אין שפּיל פון זילבער און פון גרין.

פילסט אייביקייט אין בלוי פון ספּערן
און דו — דו ביסט אין סאַמע מיט.
און אַ באַפרײַטער צו די שטערן
דיך טראָגט, דיך טראָגט אַוועק אַ ליד — — — —

מענטאָן, 1965.

## די גרינע פרייד

מיך רייצן נישט די גלאַנציק־אַספּאַלטירטע אויטאָסטראַדעס,
וואָס ציִען זיך אין אומבאַקאַנטער ווײַט אַוועק;
מיך לאָקן ליבערשט יענע דאָרפיש־שטילע, גרינע וועגן,
די ליבע וועגן פון די ווײַטע עבר־טעג.

מיך רייצן נישט די פלינקסטע שווינדלדיקע עראָפּלאַנען,
וואָס שנײַדן ווי די רוחות הימלס פרײַען רוים;
מיך לאָקן ליבערשט ווײַסע וואָלקנדלעך, ווי סטאַדעס שעפּסלעך,
וואָס שוועבן אין די בלויקייטן ווי בלויער טרוים.

מיך רייצן נישט די וואָלקנקראַצער אין די שטעט מאָדערנע,
וואָס רײַסן פרעך און גאווהדיק זיך אין דער הויך;
עס איז מיר ליבער אַ קליין שטיבעלע צעווישן גרינקייט,
און פון זײַן קוימענדל זאָל גיין אַ בלויער רויך.

און פאַרן שטיבעלע — אַ קליינטשיק פאַרביק בלומען־גערטל,
אַ יונגפרוי זינגעוודיק באַגיסט מיט קאַן דאָס בייט.
מיך לאָקט גאָטס שטילקייט צווישן תפילהדיקע פעלדער־וועלדער,
מיך לאָקט, מיך ציט די הייליקע, די גרינע פרייד — —

ריאָ האָנדאָ, 1963.

# ס'איז ווידער פרילינגדיק

ס'איז ווידער פרילינגדיק מײַן שאָטנדיקע גאַס. פון בײדע זײַטן
זיך ציִען לאַנגע, אויסגעמאָסטן-גלײַכע שורות גרין.
און איבער גרויען ים פון דעכער שפּרייט אַ הימל זיך אין ווײַטן
און מאָרגן-זון צעוויקלט הויך איר גאָלדענעם געשפּין.

דו זיצסט במסבין, יום-טובדיק אויף דעם באַלקאָן דײַנעם אין לופטן
און לאָזסט זיך קושן צערטלעך פון דער זון אין פּנים בלאַס.
אַ בשמים-ווינטעלע דיר ברענגט פון ערגעץ-ווו אַקאַציע-דופטן —
אַ גרוס פון פעלדער-וועלדער צו דײַן טריבער, גרויער גאַס.

עס ציט צו שוועבן, וואַנדערן. עס דוכט דיר, ערגעץ וועסט געפינען
אַ צויבער-וועג, וואָס פירט צו יענע ווײַטע, יונגע טעג.
אין מילדער בלענדעניש פון זון, אין פרילינגדיקן נס פון גרינען
דיר דוכט, אַז אויבעט דו וועסט אָנהייבן אויף ס'נײַ דײַן וועג — —

פאַרמאַכסט די אויגן אונטער זון. אַ וווּנדער-שפּילערײַ פון פאַרבן:
אָט פּיִאָלעט מיט גרין און געל, אָט גרוי מיט פלאַמיק-רויט.
ווערט אַלץ אַ שפּיל. אָן אייביק-לאַנגע שפּיל. אַ ליגן גאָר
דאָס שטאַרבן.
ס'האָט עמיצער אַ בייזער לץ גאָר אויסגעטראַכט דעם טויט — — —

ב. איַרעס, 1964.

# עס טרעפט אין פרילינג

עס טרעפט אַ מאָל אין דעם צעזונטן און צעשפּילטן פרילינג,
ווען ס׳ווערט מיט יונגן גרינעם שפּראָץ באַנײַט די ערד;
ווען ס׳וואַכן אויף צום נײַעם לעבן רחבותדיקע פּליינען,
פון בעז דער פּאַרק מיט לילאַ־שניי באַשאָטן ווערט; —

ווען טײַכעלעך צערוישן זיך מיט פריילעכן געמורמל
און טראָגן זיך מיט לויב־געזאַנג אין ווײַטער ווײַט;
ווען איבער אַלע רחבותן אַ בלויקייט פריש צעפּלאַטערט,
אַ לויטערקייט אויף אַלץ, אויף אַלץ, וואָס ווערט באַנײַט; —

דאַן טראַכט זיך: אפשר?... אפשר מ ע נ ט ש ווערט אויכעט
שענער, בעסער?
אויך ע ר מיט שיינקייט און מיט גוטסקייט ווערט באַנײַט?
אַן קרבן און אָן שעכטער גאָר? אָן בלוט, וואָס שרײַט פון ערדן?
ס׳קומט פריד, ווי פאַר אוראַלטער קין־הבל־צײַט?...

עס טרעפט אַ מאָל... עס גלוסט זיך אײַנוויגן אין גוטן גלויבן,
ווען אַלץ גייט־אויף אַרום, אויף ס׳נײַ צעגרינט, צעבליט.
עס גלוסט זיך, אַז דײַן קורצער טאָג זאָל זײַן אַ שיינער חלום,
דו ביסט פון אַלע רשעותן שוין מיד, שוין מיד — — —

ב. אײַרעס, 1964.

## מיך לאָקן ווייטקייטן

מיך לאָקן ווײַטקייטן, אין־סופן,
דוכט, ס׳ליגט דאָך ווו דאָס ערגעץ־לאַנד.
איעדער וועג ליגט פרײַ און אָפן,
צים יעדע ווײַט, וואָס אומבאַקאַנט.

האָסט קיין מאָל דאָך אין הפקר־וואַנדער
נאָך נישט דערגרייכט צו יענעם ברעג;
דײַן טרוים גייט תמיד זיך פאַנאַנדער
מיט דײַנע נעכט, מיט דײַנע טעג.

דערפאַר דער אומרו אייביק יאָגט דיך
דורךברייטע ים׳ען, פרעמדער ערד.
און כאָטש דו ווייסט, אַז אומרו טראָגט דיך
צום סוף, וואָס איטלעכן באַשערט, —

דאָך גוט איז מיט אַ חלום לעבן,
ס׳מאַכט שענער דײַנע טריבע טעג.
געפינסט אַ מאָל אויך רו אין שוועבן,
אין יעדן אומבאַקאַנטן וועג.

אין נעכט דיר שמייכלען ווײַטע שטערן —
די וועלטן קאָסמישע צעשפּרייט.
ווען ס׳זינגט דער ים, ווען ס׳זינגען ספערן,
זינגט־מיט, בן־אָדם, אויך דײַן פרייד — — — —

ב. אײַרעס, 1965.

# דער שלייער פון לבנה

(ציַיט־מאָטיוו)

דאָס כישוף-בלויע זילבער-פּנים פון לבנה
ווערט אַזוי אָפט אַצינד פאַר אַלעמען פאַרשעמט:
עס גרייכן סאַטעליטן צו איר וויַיטער זאָנע,
פאַרטרעטלען־אָפּ איר נאַקעטקייט, אָן בלויען העמד.

פאַרוואַרפן אונדז פון הויך מיט פאַטאָס; דעמאַסקירן
לבנהס שמייכל, וואָס איז צאַרט און מלא חן;
אַ שמייכל, וואָס האָט יונג און אַלט געטאָן פאַרפירן
אין ליבע-נעכט פון פרילינג, נאָכן זון-פאַרגיין.

איצט וויַיזט מען אונדז די וואָרע פאַטאָס פון לבנה:
גאָר אַ פאַרזעעניש, צעפּאָקט און פול מיט קרעץ.
האָט אָנגעטאָן אַ שלייער, גליַיך ווי אַ מאַדאָנע,
און האָט געפאַנגען אונדז אין בלויען כישוף-נעץ.

דאָך גלויבט: זי וועט נאָך וויַיטער שטראַלן-נעצן שפּינען
און בלויען חלום שענקען אונדז אויף טריבער ערד.
זאָל זיַין ס'איז שמינקע, פּ ר ע מ ד ע ר בלוי — דאָך אונדזער זינען
ווערט איַינגעוויגט אין טרוים און ס'לעבן שענער ווערט — — —

ב. איַירעס, 1966.

# נישט יאָג אַזוי

נישט יאָג, נישט האַווע, פרײַנט, אָן אויפהער,
געדענק דעם חשבון פון די טעג.
פאַרגין זיך נהנה זײַן פון שיינקייט,
וואָס ווײַזט זיך דיר אין גורל־וועג.

קוק־צו ווי ס׳בלויט דאָס קאָרן־בלימל,
פאַרנעם דעם פויגלס טרילערײַ;
ווי העזל שפרינגט דורך גרינער לאָנקע,
ווי טײַכל פליסט מיט פלאַפלערײַ.

ווי וואַלד זיך ציט ביז האָריזאָנט אַזש,
דער סאָסנע־דופט איז ווי האַשיש. —
בלײַב שטיין אַ ווײַל און טיפער אָטעם,
און זאָג אַ שבח: „אשרי האיש״.

נישט יאָג, האָב צײַט. וועסט אַלצאיינס קומען
צום סוף, וואָס אַלעמען באַשערט.
מתייחד זײַ זיך מיט די וווּנדער,
מיט גרינער שיינקייט אויף דער ערד — —

קאָלאָניאַ סויסאַ (אורוגוואַי), 1964.

## יאָרן ווי מגילות

אין ספערן עטערשע ווי טראָפּנס טריפן
כסדר נײַע טעג און נעכט;
זיי וויקלען זיך אין יאָרן ווי מגילות, —
אַ לאַנגער אייביקער געפלעכט.

מעת־לעתן, יאָרן — יאָגנדיקע שפּליטערס,
בן־אָדם — ווי אַ בליץ אין רוים.
אַ שוועב, אַ גלאַנץ אַ קורצע ווײַל אין חלל
און זינקסט צוריק אין כמאַרעם תהום.

באַרוישט פון זון, פון רחבותדיקער בלויקייט,
אומאַרמען ר'וויל די גאַנצע וועלט.
נאָר ווי דער בליץ ער ווערט אויף גיך פאַרלאָשן
אין נאַכט פון קברשן געצעלט.

די יאָרן — נאָר איינמאָליקע מגילות,
וואָס מישן קיין מאָל זיך צוריק.
אַיעדעס יאָר — אַן אײַלעווודיקער שפּליטער,
אַ צוק נאָר פון אַן אויגנבליק — —

ב. אײַרעס, 1964.

## דאָס פישעלע אין גלות

דאָס קליינע בונטע פישעלע אין גלעזערנעם אַקוואַריום
אין אומרו שטענדיקן שווימט אומעט הער און הין.
דער אומרו יאָגט עס אַלץ אין מעטערדיקן גלות־ים׳ל,
פּאַלט־צו עס מיטן קעפּל צו די גלאָז־ווענט גרין.

דאָס קליינע צאַרטע פישעלע האָט שפּייַז גענוג צו נאָגן:
עס זאָרגט דערפאַר אַן עמיצער, אַן אומבאַקאַנטע האַנט.
און פאַרבן האָט עס לאָקנדע, דאָס קליינע יפה־פיה,
דאָך יאָגט עס אַלע ווײַלע צו אַן אַנדער וואַנט.

עס שלאָפט צומאָל צעווישן גרויע פעלדזן־מיניאַטורלעך,
וואָס אויפן גרונט פון גלאָז ס׳איז חכמהדיק געמאַכט.
נאָר ס׳קליינע פישעלע כאַפּט אויף זיך מיט אַ פרישן אומרו.
אין די אַקוואַריום־וואַסערן — ווי ענג, עס שמאַכט.

עס שמאַכט, עס בענקט נאָך ליאַרעמדיקער אַקעאַנען־סטיכיע,
נאָך כוואַליעס ברוויזיקע אין אומענדלעכער ווײַט;
צו שווימען פרײַ אין רחבותן, אין ווינט־געוואַי, אין שטורעם,
אַן גרעניצן, אַן גלאָז־ווענט פון איעדער זײַט — — —

קאָלאָניאַ סוּיִסאַ, 1964.

# אָפּט גלוסט זיך

אָפּט גלוסט זיך מיר גריבלען אין שימות,
אין בריוו, וואָס פון אַלטקייט שוין געל:
ס'דערמאָנט מיך אָן פריינט, וואָס נישטאָ שוין,
פאַרקריצט נאָר אין שריפט זייער זעל.

שטייט-אויף פאַר די אויגן אַ וועלט דאַן,
וואָס גלויביק געווען און נאַיִוו;
און גאַנץ נאָך דער מענטש, נישט צעבראָכן, —
דו שפּירסט עס אין איטלעכן בריוו.

די וועלט נישט געווען אַזוי הפקר,
נשמה געהאַט האָט אַ ווערט;
די גרינקייט געווען נישט צעטראָטן,
צעהאַקערט אין קברים די ערד.

געקניט האָבן מענטשן פאַר שיינקייט
און הייליקייט איז נאָך געווען;
און מענטש האָט דעם מיט-מענטש געשעצט נאָך,
קיין וואָלף אין אים נאָך נישט געזען.

די חכמה האָט אים נישט פאַרדאָרבן,
פאַרקריפּלט דאָס האַרץ און דעם זין.
קיין טויט נישט געווען אין מיליאָנען
דורך גאַז און רציחה-מאַשין...

נישט כישוף, נישט קראַפט פון אַטאָמען,
נישט ווילדער געבריל אויף סטאַדיאָן,
נישט ספּאָרט-פּוס געווען איז פאַרגעטערט, —
מלך גייַסט איז געווען אויפן טראָן...

אָפּט גלוסט זיך מיר גריבלען אין שימות.
כ׳דערזע די פֿאַרשוווּנדענע וועלט;
די ערד אין אַ פרילינג צעלויכטן,
די פייגל אין שוועבן צעטרעלט — — —

ב. אַמרעס, 1966.

# אין גאָט געבענטשטן טאָל

אין דער אַרומרינגלונג פון שווײַגנדיקע בערג פון גרינע,
דוכט, כ׳בין דאָ ווי אין אַ פֿאַרכישופטן גן־עדן־טאָל.
דאָ יונגע יאָדלעס טוליען זיך געטרײַ צו ברייטע פּאַלמעס
און דאָרט צום הימל ציִען זיך ציפּרעסן הויך און שמאָל.

טשאַלעטן הנדלען זיך פון גרינקייטן מיט דעכער רויטע,
פון פרישע גערטנדלעך דיר שמייכלען רויזן, ציִען צו;
און װעגן־שטעגן קרייצן זיך דורך טעפּיכער דורך גרינע,
איעדער וועג קאָן פירן נאָר צו שטילקייט און צו רו.

איז גרינג דיר צו פאַרגעסן זיך אָן שטעט, וואָס ערגעץ רוישן;
וואָס נאָגן און וואָס פרעסן טיף ווי זשאַווער דײַן געמיט.
אין דער אַרומרינגלונג פון שווײַגנדיקע בערג פון גרינע,
אין גאָט־געבענטשטן טאָל קלינגט אַנדערש אויך דײַן
תפילה־ליד — — — —

וואַזשע הערמאָסאָ, 1966.

# דער לבנהקער וועג

דער לבנהקער וועג, וועלכער ציט זיך אין ווײַטן אַוועק,
אין נאַכטיקע שטילע מרחקים פון דעם אָקעאַן —
ער לאָקט מיטן זילבערנעם גלאַנץ דיך און שטום ער דערציילט דיר,
אַז ערגעץ אַ שענערער גליקלעכער ברעג איז פאַראַן.

און גלויבסט אים, דעם וועג, ווי פאַרכישופט פון בלויקייט
וואָלסט זײַן,
געפאַנגען פון לאָקנדער טיף־בלויער ליכט אין דער ווײַט.
ווי לײַכט וואָלסטו איצט מיט דער ערד זיך געזעגנט, ווי גרינג,
פאַרגעסן פון מענטשן, פאַרגעסן פון אָרט און פון צײַט.

דו וואָלסט מיט דײַן גלויבן פאַרדביקהט געשוווּמען אַהין,
געטראָגן אויף שניי־ווײַסע פליגל פון שוועבנדן שוואַן. —
אַז ס'האָט דיך די ערד רק גענאַרט און מיט שפּאָט אויסגעלאַכט —
איז אפשר אַן אַנדער לבנהדיק לאַנד נאָך פאַראַן? — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1963.

# אין אייביקייט אַריין

די הויכע ווילדע בערג־שפּיצן, די פעלדזן גרוי און גרין,
זיי וועלן סטאַרטשען דאָ אין ווייטער אייביקייט אַרייַן.
דער וועלט־באַשאַפער האָט צעוואָרפן זיי אין זייַן קאַפּריז
פאַר דער אומענדלעכקייט, ווען דו, בר־נש, וועסט שוין נישט זייַן.

עס וועט אַ דור אַן אַנדערער פון שווימענדיקער צייַט
באַוווּנדערן די שיינקייטן פון אָט דער פעלדזן־קייט.
און אפשר וועט ער אויסגעפינען פון קאַפּריז דעם פשט,
און אויך דעם פשט פון דעם בר־נש, וואָס קומט און וואָס פאַרגייט.

אין דעם באַשאַף פון וועלטן פון מיליאָסן עד אין־סוף,
וואָס וואַרפן זייער שייַן דורך גאַנצע אייביקייטן ווייַט, —
דורך מדבר־רוים, צום טל־ומטרדיקן ערד־פּלאַנעט —
איז אַלץ מיט חשבון דאָך, געמאָסטן ווי די גרויע צייַט.

האָט עפּעס דאָך אַ זין אויך אָט דער ווילדער בערג־קאַפּריז,
און ס'מוז דאָך האָבן אויך אַ זין בן־אָדמס קורצער זייַן.
געווים נישט סתם אַזוי די שפּיל פון לעבן און פון טויט, —
ס'איז דאָך אַ שפּיל, וואָס פלעכט זיך ווייַט אין אייביקייט
אַרייַן — — —

וואַזשע הערמאָסאַ, 1966.

## לערן זיך אויס

דו לערן זיך אויס פון דעם בלימל אין פעלד,
וואָס לעבט און וואָס בליט אַזוי קורץ אויף דער וועלט;

וואָס חלומט און קוויקט זיך מיט טוי אין דער נאַכט,
און גייט אויף די זון — יעדעס בלעטל זײַנס לאַכט.

עס שמייכלט, עס לאַכט און זײַן דופט אַזוי דין,
און בלענדט מיט די פאַרבן אַרום פונעם גרין.

עס טראַכט נישט אין בליִען, אַפּנים, פון הארבסט —
ווי דו, וואָס דיר דוכט אַזוי אָפט, אַז דו שטאַרבסט...

כאָטש קורץ איז דאָס לעבן פון בלימל אין פעלד,
דאָך בליט עס, דאָך לאַכט עס ביז הארבסטיקער קעלט.

דו לערן זיך אויס פונעם בלימל — עס לאַכט
ביז שטורעם צעפליקט עס אין איינער אַ נאַכט.

זיי אויך אין דײַן זײַן אַזוי תמיד צעבליט;
מיט טוי פונעם הימל זאָל דופטן דײַן ליד — —

**וואַזשע הערמאָסאָ, 1966.**

# איך ווייס נישט וויפל פרילינגס

איך ווייס נישט וויפל פרילינגס ליכטיקע מיר זײַנען נאָך פאַרבליבן
אין סודותפולן לעבנסבוך אין מײַנעם אויף דער ערד.
איך ווייס נישט וויפל שעהען פריידיקע מיר זײַנען נאָך פאַרשריבן
און וויפל זון און וויפל חלום איז מיר נאָך באַשערט.

דעריבער כפל איך די אַלע מײַנע בלויע פרילינגס-פריידן,
די שיינקייט, פורפור-כישופן פון יעדן זונפאַרגאַנג.
איך שפּרייט די אָרעמס אויס צו ערד און הימל — ס׳גלוסט זיך
קיין מאָל שיידן,
מחשבות ווענן הארבסט און טויט פאַרטויב איך אין געזאַנג.

איך בלאָנקע אום פאַרשיכורט צווישן בערג, אויף גרינע וועגן-שטעגן,
מיט העלער פרייד געכפּלטער, וואָס כ׳שלינג אין מײַן געמיט.
און פילפאַכיק מײַן ליבשאַפט איז. ווי לאַנג נאָך? כ׳וויל עס גאָר
נישט פרעגן.
און שטאַרקער נאָך דער פרויען-רייץ, די לעכצונג מער צעגליט.

איך ווייס נישט וויפל פרילינגס ליכטיקע מיר זײַנען נאָך פאַרבליבן,
מיט אומעטן פאַרצײַען דאָס געמיט איז נישט כדאי.
איך וויל נישט טראַכטן גאָר וואָס אין מײַן לעבנס-קאָנטע
איז פאַרשריבן.
איך זע זיך אין אַ מ אָ ל, ווען ס׳האָט געלאַכט צו מיר
דער מײַ — — — —

וואַזשע הערמאָסאָ, 1966.

## אַ פרימאָרגן

עס וועקט די זון מיך אויף: שטיי־אויף
און קום אַרויס אין פעלד.
פאַרלאָז די שטאָט, די טריבע גאַס,
דייַן שאָטנדיק געצעלט.

אַ שפע ליכט פאַר דיר געגרייט
אין דופטיק־גרינעם שוים.
וועסט טרינקען ליכט, און שטילע פרייד
וועט געבן דיר די רויז.

אַ ים פון בלויקייט איבער דיר
אַ בלויען חלום שפינט.
פון טרויער ווי פון שטריק באַפרייַט.
פרייַ ווי אַ יונגער ווינט.

אין בלויקייט שאָטנט נישט דער טויט —
ער איז נישטאָ, נישטאָ — —
זינגסט ווי דער פויגל, ווי די בין
אין זינגענדיקער שעה.

עס נעמט מיך אויף די גרינע וועלט
מיט פולע הויפנס פרייד.
און, דוכט, איך הייב פון בראשית אָן,
די ערשטע סדרה גייט — — —

ב. אײַרעס, 1965.

## נאָכן שטורעם

צעגאָסענער זילבער אויף ים-פּלאַך,
ער קנייטשט זיך און וויגט זיך צעשפּילט.
בײַנאַכט האָט דער ים זיך צערעוועט,
איצט איז שוין דער שטורעם געשטילט.

איצט גלעט אים די זון פון דער בלויקייט,
מיט זילבער-מתנות פאַרשיט.
ליגט ים פון אַ מילדקייט געפאַנגען,
מיט רויִקן, שטילן געמיט.

שפּילן כוואַליעס מיט זילבערנע שמייכלען
אַנטקעגן דער זון, וואָס צעלאַכט.
שווימען שיפן — פאַר ים ווי אַ שפּילצײַג
פאַר ווערן געהאָרזאַם, באַזאַכט.

אויפן אַטלאַנטיק, יוני 1965.

# שענק אַ ביסל בלויקייט

שענק נאָך אַ ביסל בלויקייט מיר, צעבלויטער זומער!
אָ שענק מיר, יונגער לויטערער באַגינען!
נאָך נישט באַוויזן פאַר די אַלע טעג און יאָרן
דעם שענסטן בלויען חלום צו דערשפּינען.

אָ שענק כאָטש נאָך אַ ביסל פרייד מיר, יונגער זומער!
פאַרטרונקען ווי אַ שיכור כ׳האָב די פריידן.
צעטרענצלט אַלץ אויף וועגן אינעם לעבנס־הפקר, —
איצט ביים סך־הכל בלייבן נאָר די ליידן.

אַך אונטער ברייטע הימלען, צווישן וועגן־שטעגן,
אין רחבותן אין גרינע שפּאַנען, שפּאַנען.
פאַרביַיטן טרויערן אויף רגעם העל־צעזונטע,
און ווידער — זון און הפקר, ווידער — לידער.

שענק נאָך אַ ביסל בלויקייט מיר, צעשטראַלטער זומער!
אָ שענק מיר, יונגער לויטערער באַגינען!
נאָך איידער מיַין פאַרנאַכט פאַלט־צו מיט טריבע שאָטנס
און טרוים נאָך נישט־דערטרוימטער נעמט אויסרינען — —

ב. איַירעס, 1966.

# מיין פעגאַז

אָ טראָג מיך, מײַן פעגאַז, אין ווײַטן,
וואָס ס׳האָט נאָך מײַן אויג נישט געזען.
די שיינקייט פון אוראַלטע צײַטן
פאַרהוילן פאַר מיר איז געווען.

אין בערג ווו, צי ימ׳ישע ברעגעס,
וואָס פרײַ נאָך פון מענטשלעכן טראָט;
ווו אין זײַנע הייליקע רגעס
גערוט נאָך בראשית האָט גאָט.

כ׳גאַר זען אונטער זון אַלע פראַכטן,
די כישופן אַלע פון ערד —
נאָך איידער דעם גוף דעם פאַרשמאַכטן
אַ קבר שלינגט אײַן און פאַרצערט.

אָ טראָג מיך אין ווײַטן, מײַן פעגאַז,
צו בלויקייטן, וואָס אומבאַקאַנט.
עס אײַלן די יאָרן ווי רגעס,
זיי שווינדן גאַלאָפּ נאָכאַנאַנד — — — —

פּיריאַפּאָליס, פעבר. 1967.

## די זינגענדיקע וואַסערן

די וואַסערן די שוימיקע
זיי שטורעמען דעם ברעג.
זיי זינגען גוטע בשורות אויס
פון פרילינגדיקע טעג.

זיי זינגען פון אַ זוניקייט,
פון ווײַטענישן בלוי,
און ווייען מיט אַ דופטיקייט,
ווי רויזן אונטער טוי.

צעזינגט זיך אין דער רוישיקייט
אויך די נשמה דײַן.
ווערסט איינס מיט פרילינג־וואַסערן,
זינגסט־מיט ווערל־אויס, ווערל־אײַן.

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1964.

# אַלע מאָל

אַלע מאָל ווערסטו קינדיש פֿאַרכלינױעט
פֿון זון און פֿון בלוי און פֿון פֿרייד —
ווען דער פֿרילינג אין פֿעלדער, אין וועלדער
די גרינע וווּנדיירים צעשפּרייט.

וויפֿל מאָל אונטער כּישוף פֿון פֿרילינג
פֿאַרגלױבסט זיך האָסטו אין אין־סוף, —
פּונקט אַזוי ווי עס טרעפֿט אין חלומות,
ווען גליקלעך דו שמייכלסט פֿון שלאָף.

דו פֿאַרגעסט, אַז די פֿרייד איז נישט אייביק —
ווי גרינקייט אין האַרבסט זי פֿאַרשמאַכט;
אַז דאָס גראָז פֿאַר דער קאָסע פֿון שניטער;
אַז דו — פֿאַר דער אייביקער נאַכט.

דו פֿאַרגעסט... און ס׳איז ווייל ווער דאָס קאָן נאַר,
ווער ס׳גייט מיט חלומות זײַן וועג:
יענעם זינגען די ערד און דער הימל
די שירה פֿון אייביקע טעג — — — —

ב. אײַרעס, 1966.

## אין פלאַם פון שקיעה

אויף העכסטן באַרג־שפּיץ זינקט די שקיעה
און נעמט מיט פלאַמען אים אַרום.
אין שטילער פּורפּורנער באַהעפטונג
אַליין די שכינה רוט דאָרט שטום.

דאָרט גאָט אַליין איצט דאַוונט מנחה,
די תפילה שפּרייט זיך קלאַנגלאָז, שטיל.
אין כאָר אין הימלישן דעם „אָמן"
פרום ענטפערן די כרובים פיל.

וואַרשע הערמאָסאָ, 1963.

# פּאַריזער רעפלעקסן

כ'בין ווידער אין דער אַלטער ליבער „שטאָט פון ליכטער",
וואָס תמיד איז זי אין זכרון מײַנעם פריש.
איך זע זי אַלץ נאָך אין פּאַרוואָרפענע מרחקים,
ווען איך אַמאָל אַן עבר-בלעטל טו אַ מיש.

איצט גיי איך ווידער איבער גאַסן און בולוואַרן,
מאָנמאַרטערס שמאָלע געסלעך ווי אַמאָל געווען.
די קנײַפּעס ליכטיקע, דער סען און די קלאָשאַרן.
פיגאַל... מעטראָ **באַרבעס** — און „אונדזער" גי-פּאַטען...

די גי-פּאַטען-חברים לאַנג אין וועלט צעפלויגן.
און דער און יענער שוין נישטאָ אַצינד בכלל...
כאָטש כ'הער די זעלבע לידלעך דאָ פון קנײַפּעס גרעלע,
דאָך אומעטיק פאַר מיר איז איצטער דער פיגאַל.

מיך לאָקט, מיך ציט אין די קאַפּייען מאָנפּאַרנאַסער.
ווי נעכטן ערשט געווען. ווי תמיד דאָ געדיכט.
אָט זיצט נאָך קינסטלער איקס; אַ פרוי לעם אים עקסצענטריש.
און איגרעק אויכעט דאָ — באַבערדלט דאָס געזיכט.

מען זופּט דאָ ווײַן, אַפּעריטיוון; מען באַרעדט זיך.
און פרויען האַלטן-מיט דעם פלוידער ווײַבלעך-צאַרט.
ווער איז דאָ אויפן מאָנפּאַרנאַס איצט דער געזאַלבטער?
מסתמא **יעדער** די אומשטאַרביקייט דערוואַרט...

און כ'בלאָנקע אויך אין שמאָלע געסלעך פונעם „פּלעצל",
ווו כשר-ייִדישקייט פון קרעמלעך קוקט אַרויס.
דאָ שמעקט מיט שטעטל נאָך פון אומגעבראַכטן נעכטן,
געפינסט אַ מקום קדוש נאָך, אַ ייִדיש הויז.

דאָ־דאָרט אין שויפֿענצטער זעסט אותיות מרובעות —
מסתמא נאָך אַ ייִדיש־לייענער פֿאַראַן...
פֿון דאָרט דיך טראָגט צום דענקמאָל נאָך די זעקס מיליאָנען:
עס איז אין שכנות, פֿון דער ריוואָלי אַ שפּאַן.

אין הויף באַגעגנט דיך אַ דענקמאָל נאָך די לאַגערס:
מאַסיווער „אוהל" פֿונעם טרויער־מאָנומענט.
און דרינען אויף די ווענט, אין בילד — די אַלע גרווילן!
אַ וועלט, אַ גאַנצע וועלט, וואָס איז פֿאַרלענדט, פֿאַרברענט — —

אויפֿן אַטלאַנטיק, יוני 1965.

# פון דער ווייסל ביז לאַ פּלאַטאַ

אַזש פון דער ווײַסל ביז לאַ פּלאַטאַ
איז פּאָלג זשע מיך אַ גאַנג!
אין מיטן וויפל וועגן־שטעגן
און ימים ברייט און לאַנג.

געלאָזט דאָרט חורבן, קברים, אַשן,
אַ וועלט וואָס איז צעשטערט.
פאַרשוועכט דער נאָמען מענטש געוואָרן,
פאַרשוועכט די מאַמע ערד.

אין נע־ונד אַרומגעוואָגלט
אין „רויטן" לאַנד פון נויט.
אַ חלום איז אַ דאַך געווען,
אַ טרוים — אַ שטיקל ברויט.

געמיינט — ס'וועט אויסגיין שוין דײַן לעבן
דאָרט צווישן תפיסה־ווענט.
אינאיינעם מיט מיליאָנען שקלאַפן
וועסט ווערן אויך פאַרלענדט.

האָט גורל שענערס נאָך באַשערט דיר —
די פרײַע, ברייטע וועלט.
דאָ־דאָרט געמאַכט זיך אַן אַכסניה,
פאַרלייגט זיך אַ געצעלט.

און דאָרט בײַם סען, אין שטאָט פון ליכטער,
האָט אויפגעוואַכט ס'געמיט.
האָט די נשמה זיך צעזונגען,
כאָטש טרויער אין דײַן ליד.

ווײַל אומעטום איז מיטגעגאַנגען
די חרובדיקע היים. —
כאָטש ס׳זײַנען נאָר פון איר פאַרבליבן
צעקרישלט ציגל, ליים.

דו טראָגסט אין הארצן זי כסדר,
די נאָנטע וואָס אין איר.
דערמאָנסט מיט טרערן זיי אין יזכורס,
באַוויינסט זיי אין דײַן שיר.

דער גורל ווײַטער האָט געטריבן,
דער אומרו תמיד יאָגט.
דורך ימים ברייטע און צעברויזטע
צו ווײַטקייטן דיך טראָגט.

אַ נײַע היים, אַ נײַע קרעטשמע
בײַ דעם לאַ פּלאַטאַ־ברעג.
אַ ניצוץ פון אַמאָליק וואַרשע,
פון יענע שיינע טעג.

אַ נײַע היים — מיט אַלטער בענקשאַפט.
מסתמא שוין באַשערט:
וווּהין, וווּהין דו זאָלסט נישט קומען —
אַ פרעמדע דיר די ערד.

עס בויען יידן היימען רײַכע,
פּאַלאַצן שטאָלץ און הויך;
נאָר אין זכרון זעסטו תמיד
דעם חורבן, אַש און רויך — —

זעט אוים, וועסט קיין מאָל שוין פאַרגעסן
די חרובדיקע וועלט —
מעגסט אין די רויִקסטע מרחקים
פאַרלייגן דײַן געצעלט — —

אַזש פֿון דער ווײַסל ביז לאַ פּלאַטאַ
איז פֿאָלג זשע מיך אַ גאַנג!
אין מיטן וויפּל וועגן-שטעגן
און ימים ברייט און לאַנג.

ב. אײַרעס, 1964.

# אויף דעמער־וועגן

אויף דעמער־וועגן שפּרייטן זיך שוין טריבע שאָטנס,
אין לופט אַ מחנה שוואַרצע קראָען שוועבט פאַרביַי.
די זון נישטאָ שוין. קריכט פון טונקל מרה־שחורה
און עסט זיך איַין אין דיר און פרעסט ווי שווערער בליַי.

אַלץ טונקעלער אַרום עם ווערן ברייטע פּליינען,
און ווו אַ בוים — אין טיפער שוויַיגעניש ער זינקט.
דו זוכסט אין הימל וויַיטן, כמאַרעדיקן, שטומען:
אַך, אפשר כאָטש איין איינציק שטערנדל דיר ווינקט?

דו גאַרסט אַ ביסל שיַין, פון האָפנונג כאָטש אַ זכר,
אַז קומען וועט צו דיר אַ ניַיער, יונגער טאָג;
אַז נישט דער לעצטער טאָג איז עם אַצינד פאַרגאַנגען
און נישט מיט אים דיַין חלום און דיַין זינג־און־זאָג...

אויף דעמער־וועגן שפּרייטן זיך שוין טריבע שאָטנס
און איבער דיר אַ שוואַרצע סאָווע טוט אַ שוועב...
נאָר זע: פון כמאַרעם טויכט־אויף שמייכלדיק לבנה, —
שיקט טרייסט צו דיר: „בן־אָדם, האָף און זינג און לעב" — — —

ב. איירעס, 1966.

## די זון גייט אויס

די זון גייט אוים אין שקיעה־פלאַמען
און טונקעלער אַלץ ווערט.
באַגלייט פון שאָטנס פון געהיימע,
די נאַכט הילט אײַן די ערד.

די זון נישטאָ שוין. בלויז אַן אָפּשײַן,
אַ ווײַטער בלאַסער פלעק, —
גלײַך ווי אַ טריבער בליק אַ טויטנס,
וואָס ערשט פון זײַן אַוועק.

דער זון אויך גלוסט זיך נישט צו שטאַרבן,
אַראָפּזינקען אין תּהום, —
כאָטש אין באַגין דערשײַנט זי ווידער
מיט שמייכל אינעם רוים.

ווי גרוים, ווי טיף דאַרף זײַן דײַן טרויער,
בן־אָדם, בײַם פאַרגיין:
עס וואַרט אויף דיר נישט קיין באַגינען
טיף אונטער קבר־שטיין — — —

ב. אײַרעס, 1966.

# אַלע טאָג

אַלע טאָג קומט די זון מיט אַ בשורה,
מאַכט ליכטיק, צעשטראַלט מײַן געמיט;
צינדט אָן פרייד — כל עצמותי תאומרנה,
צעקלינגט זיך מיט פרייד אויך מײַן ליד.

כ׳גיי אַרום טיף באַרוישט איבער גאַסן,
איך טייל מיט די מענטשן מײַן פרייד.
אַזוי גוט צו מיר אויבן דער הימל,
מיט בלוי איבער ערדן צעשפּרייט.

אַלע נאַכט מיך באַפאַלן די שאָטנס,
ווען זון אינעם מערב גייט אויס.
איך געפין נישט קיין מקלט פון טרויער,
דער טויט, דוכט, געגענט צו מײַן הויז.

איך אַנטלויף פון די אייגענע ווינקלען,
איך זוך מײַן פאַרשווונדענע פרייד.
אָבער קאַלט איז דאָס ליכט פון נעאָנען,
ווען זון פונעם הימל פאַרגייט.

אַלע טאָג קומט די זון מיט אַ בשורה,
ווערט ליכטיק אַזוי אין געמיט...
אַלע נאַכט לעשן אויס זיך די פריידן
און טרויער פאַרכלײַעט מײַן ליד — — —

ב. אײַרעס, 1966.

## כ׳בין מקנא

כ׳בין מקנא דעם ים, וואָס וועט וויגן זיך אייביק,
וועט שטורעמען תמיד דעם ברעג —
מיט כוואַליעס געבערגלטע, ווײַסע פון שוימען,
מיט רוישן דורך נעכט און דורך טעג.

די שפּיל פון די כוואַליעס כסדר וועט אָנגיין,
די זון וועט זיי פאַרבן אין ראָז —
ווען ס׳וועט פון מײַן דור שוין קיין זכר נישט בלײַבן,
אויף זייערע קברים לאַנג גראָז.

די כוואַליעס זיי שפּריצן מיט זילבערנע פונקען
בײַם פעלדזיקן ברעג פונעם ים.
זיי קילן מײַן שטערן, נאָר קאָנען נישט שטילן
דעם טרויער אין האַרצן, דעם סם.

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1963.

## רוישט דער ים

בלינדע נאַכט. ס׳רוישט דער ים הינטער פענצטער.
עס קרעכצן די לאָדנס פון ווינט.
וועמען האָט עס דער גורל פאַרשאָלטן?
פאַר וואָס און פאַר וועלכענע זינד?

ווער פאַרוואָגלט פון היים איז געוואָרן,
פאַרלאָרן אויף אייביק זיין וועג?
און ער האָט עס די וועלט איצט פאַרלאָזן,
אין אייז-קאַלטע אָרעמס אַוועק?

אין די אייז-קאַלטע ים׳ישע אָרעמס
געפונען זיין אייביקע רו.
ווייל צו גרוים געווען זיינע יסורים,
צו ווייניק די כוחות דערצו — — —

און דער ים האָט עס אים אויפגענומען
אַזוי ווי אַ מאַמע אַ קינד.
און דער ים אין דער נאַכט דאָס באַוויינט אים
און טרויעריק קלאָגט אויך דער ווינט — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1964.

## אַזוי פיל וועגן־שטעגן

(סאָנעט)

אַזוי פיל וועגן־שטעגן ציִען זיך אין אַלע זײַטן,
סײַ וועגן גראָזיקע, סײַ גלאַנציקער אַספאַלט.
איעדער וועג מיך לאָקט מיט זײַנע אומבאַקאַנטע ווײַטן,
און איבער אַלע וועגן זון איז העל צעשטראַלט.

וווּהין זשע לאָזן זיך אין טריבן וואָגל און אין וואַנדער?
און וועלכן וועג האָט בלינדער גורל מיר באַשערט?
אַז אין דער ווײַט די אַלע וועגן גייען זיך פאַנאַנדער,
עס האָט פאַר יעדן וועג אַן אַנדער ברעג די ערד.

וווּהין? איך פרעג זיך בײַ דער זון, איך פרעג בײַם הימל שטומען
און לאָז מיך פירן פון די טריט אויף גאָטס באַראָט.
און אין דער שטיל — אַ בת־קול רוימט מיר אײַן דעם סוד:

„וווּהין, בן־אָדם, זאָלסט נישט גיין — צום זעלבן סוף וועסט קומען:
„פון בלויע רחבותן — פיר איילן דיר באַשערט,
„ביסט נאָר אַ דורכגייער — נישט מער — אויף אָט דער ערד״ — —

קאָלאָניאַ סוּסאַ, 1964.

# גאָלדענער שטעג

דײַן װעג איז געגליכן צום גאָלדענעם שטעג
אויף שפּיגל פֿון ים צו דער זון, װאָס פֿאַרגייט.
װי ס'זינקט נאָר די זון — אוים מיט גאָלדענעם װעג,
אין מערב נאָר פּורפּור אויף הימל זיך שפּרייט.

אָט באַלד — און דער פּורפּור אַלץ בלאַסער ער װערט,
אַלץ נענטער, אַלץ נענטער די נאַכט רוקט זיך צו. —
אַזוי אויך דײַן גאָלדענער װעג אויף דער ערד,
װען טאָג דײַנס פֿאַרגייט און עס קומט אָן די רו...

דײַן נאַכטיקע רו, װאָס עס האָט שוין קיין ענד,
קיין פּורפּור קיין נײַעם, װי זון אין באַגין.
בלויז איין מאָל אַדורכגיין דײַן װעג האָסט געקענט, —
אַ װעג אָן צוריקקער. ער פֿירט נאָר אַהין — — — —

פּיריאַפּאָליס, פֿעבר. 1967.

## דער שוואַרצער גאַסט

דער שוואַרצער גאַסט קומט אומגעבעטן,
ער קומט גאָר אומגעריכט.
ער טוט אַ פּאָך מיט שוואַרצע פליגל,
לעשט פּלוצלינג אויס דאָס ליכט.

ער ווײַזט זיך תּמיד, ווען דו גלויבסט נאָך,
מיט זומער שמעקט דײַן וועלט;
ווען ס'בלויט דער הימל, שטערן גריסן
מיט פריד צו דײַן געצעלט.

עס רוישן וועלדער, ס'זינגען קוואַלן,
פון פרייד ביסט קיין מאָל זאַט.
דאָס לעבנסבוך פאַר דיר ליגט אָפן,
מישסט דורשטיק בלאַט נאָך בלאַט.

דו גלויבסט, דו האָסט נאָך לאַנג צו מישן,
נאָך ווײַט צום עפּילאָג.
דער גאַסט דערשײַנט ערשט אומגעבעטן
און זאָגט: „ס'איז **לעצטער** טאָג"...

ער טוט אַ פּאָך מיט שוואַרצע פליגל,
לעשט פּלוצלינג אויס דאָס ליכט.
אַ לעצטער שמייכל בלײַבט פאַרגליווערט
אויף בלאַסקייט פון געזיכט.

חלומות בלײַבן נישט־דערחלומט,
די ליבשאַפט — אָן פינאַל.
גלײַך ווי אַ סטרונע אַ געפּלאַצטע,
גלײַך ווי אַ שקיעה־שטראַל.

און ס'הייבט זיך אָן די נאַכט פון קבר,
די נאַכט וואָס האָט קיין סוף.
אַ בליץ, אַן אויפפלאַם — און פאַרלאָשן
אין אייביק־קאַלטן שלאָף — — —

ב. אײַרעס, אָקט. 1964.

# ביים דענקמאָל פון אַ דיכטערין

אויף אַ בערגל, ביי דער פּליאַזשע „לאַ פּערלאַ", אין מאַר דעל פּלאַטאַ, שטייט אַ דענקמאָל נאָך דער אַרגענטינער דיכטערין אַלפאָנסינאַ סטאָרני. מיט 25 יאָר צוריק — אין 1938 — איז זי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַוועקשפּאַנענדיק פון יענער פּליאַזשע אין ים'ישן אָפּגרונט.

---

אָ, טויט, דו טויט, איך ליב דיך,
נאָר, לעבן, דיך כ'פאַרגעטער.

אַלפאָנסינע סטאָרני.

זי האָט אַזוי געליבט דאָס לעבן,
דאָס פעלד, די בלום, דעם ים ;
די ווייסע מעווע איבער שוועבן,
די זון, דעם שקיעה-פלאַם.

ס'איז טיף און היים געווען איר ליבע,
און ליבנדיק געשמאַכט.
עס האָבן איר נאָר יאָרן טריבע
די בענקשאַפטן געבראַכט.

אַנטוישט און אָפּגענאַרט געוועזן,
גיהנומדיק איר פּיין.
פון לייד און ליבע אין אַ וועזן
קיין פרידן קאָן נישט זיין.

פון ליבשאַפט איז נאָר סם געוואָרן, —
פון ליבשאַפט אָן אַ מאַן...
פאַרשפּילטע יונגע רייפע יאָרן
אין לעבנס-קאַראַוואַן.

אַ קינד געווען אַן עדות שטומער
פון איר גראַנגל שווער.
זי האָט געקושט עס אין איר קומער,
געבריט עס מיט איר טרער.

איר ליד מיט ליבשאַפט האָט געקלונגען,
נאָר מער — מיט טרויער, סם.
און ס׳האָט איר מוזן זיך צעזונגען
מיט אָדעם צו דעם ים.

צום ים, צום ים — צו כוואַליעס קילע,
צו ברייטער, ווייַטער פלאַך.
און איז אַוועק אין ים אַ שטילע,
ווי אונטער גרינעם דאַך — — — —

עס רוישט דער ים דאָ בײַ די ברעגעס,
עס זידט און קאָכט אין אים.
ווער ס׳הערט זיך צו אין שטילע רגעס,
פאַרנעמט אין רויש איר שטים...

מאַר דעל פּלאַטאַ, פעבר. 1963

## צו די אומשטערבלעכע

איר האָט באַשאַפן גאַנצע וועלטן,
פאַרחתמעט זיי אין שריפט;
ס'טריפט אײַער גײַסט אין די געצעלטן,
ווי טוי פון הימל טריפט.

ס'וועט אײַער גײַסט דערנערן דורות,
צום שוווּנג באַפליגלען זיי... —
כאָטש איר, די שעפער פון די תורות,
וועט זײַן אין קברים־ריי.

אין קברים־ריי אויף אַ בית־עולם,
מיט גראָז פאַרוואָקסן ווילד.
כאָטש גוט, וואָס איר דעם גרויסן אומזין
אין קבר שוין נישט פילט.

די קבר־נאַכט אין קאַלטע אָרעמס
אין אייביקייט אײַך פרעסט.
באַווײַנט אײַך אויבן נאָר אַ פויגל,
וואָס האָט דאָ ווו זײַן נעסט.

איר האָט באַשאַפן גאַנצע וועלטן —
דאָך נישט פאַר זיך אַליין:
ווי אַלע שטערבלעכע פאַרמשפּט
פאַר ווערים אונטער שטיין — — —

ב. אײַרעס, 1966.

## איך האָב מיינע יאָרן

איך האָב מײַנע יאָרן צעטרענצלט.
איך ווייס גאָר נישט ווי, כ׳ווייס נישט ווען.
דאָס האָט מיט אַ דיכטער צעשטרייטן
געקאָנט נאָר אַזעלכעס געשען.

פאַרגאַפט זיך אויף שטערן, לבנה,
אויף פורפורנעם זונענפאַרגאַנג;
פאַרשיכורט מיט דופטן פון וועלדער,
פאַרוויגט פונעם פייגל-געזאַנג.

געלאָזט זיך פון פרויען באַרוישן —
פון באַכוסעס טעכטער אַ קראַנץ.
און אָט אַזוי יאָרן צעטרענצלט
אין רויש פונעם פריילעכן טאַנץ.

האָב פלוצלינג דערזען זיך אין שפיגל —
אָ, גאָט! מײַנע לאָקן שוין גרוי.
שוין האַרבסט... און עס וויאַנען די רויזן,
עס נערט זיי קוים האַרבסטיקער טוי.

כ׳וואָלט גערן אויף ס׳נײַ אָנגעהייבן
דעם חשבון — דעם לעבנס-געוועט.
נאָר ס׳האָבן אַפּנים די געטער
קיין צוטרוי מער צו אַ פּאָעט — — — —

ב. אײַרעס, 1966.

# חרטות

אַזוי פיל אָנגעזאַמלט זיך אין לעבן די חרטות,
צו טראָגן זיי אין האַרץ ווי שטיינער אַזוי שווער.
צו שפּעט, צו שפּעט געוואָרן זיי אַ תיקון איצט צו געבן,
דו קאָנסט זיי לינדערן נאָר מיט אַ תּפילה־טרער.

ווען דו וואָלסט קאָנען אָנהייבן צוריק פון סאַמע בראשית,
פון סאַמע ערשטן, ריינעם, אומשולדיקן בלאַט, —
וואָלסט אפשר וועגן אַנדערע זיך איצטער אויסגעקליבן,
ביי לעצטער פּרשה וואָלסט חרטה נישט געהאַט...

טאָ נעם זשע אויף דיין טריבן גורל סטאָיִש, דו בן־אָדם,
און קוק דעם טויט אין פּנים רויִקער אַריין.
עס האָט נאָך אַלץ קיין זעער און קיין נביא נישט אַנטשיידן
דעם זין, צי אומזין, פונעם לעבן, פונעם זיין — — —

האַזשע הערמאָסאָ, 1966.

## געוועזן אַמאָל

עס איז געווען אַמאָל מיר ווייניק יענע דלד אמות
און ענג יענץ וועלטעלע אין מיניאַטור;
די כּאַטעס גרויע, הילצערנע, די שמאָלע קליינע געסלעך —
מײַן אַלט און בידנע שטעטעלע אַמדור.

מיך האָט געצויגן דאַן אין אומבאַקאַנטן, אין מרחקים,
צום לעבן רוישיקן, צו ווײַטע שטעט;
געלעכצט אַנטלויפן פון גאָטס שטילקייט אונטער יענע הימלען,
געקוקט אין ווײַט פאַרבענקט מיט אַ געבעט.

דערהערט געוואָרן דעמאָלט איז מײַן יענע הייסע תפילה:
פאַרשלונגען האָט לסוף מיך גרויסע וועלט.
צעטרענצלט שוין מײַן לעבן אין די ווײַטע שטעט און לענדער,
און איצט, אין שקיעה-צײַט, איין זאַך מיר פעלט:

עס פעלט די תפילהדיקע שטילקייט אונטער יענע הימלען
אויף גרינע סטעזשקעלעך פון יענעם וואַלד.
אין גרילץ פון פרעמדע שטעט צעשטאָרבן לאַנג שוין די חלומות,
און סם טריפט אין נשמה אײַזיק-קאַלט.

כ'וואָלט גערן איצט בתשאות חן צוריק אַוועקגעגעבן
די אַלע רוישנדיקע לענדער, שטעט —
פאַר יענע טעג און נעכט אין גבול פון גאָט-געבענטשטער שטילקייט,
ווו מענטש מיט הימל און מיט שטערן רעדט.

אַ חילוף שטות געוועזן, אַ שגעון... נאַר פאַרפאַלן.
חרטה האָבן איצט — צו שפּעט... אומזיסט...
די יאָרן דאָך צעטרענצלט האָסט אין גלותן, אין הפקר,
און אַלטע היים איז לאַנג דאָך לער און וויסט — — —

ב. אַפּרעס, דעצ. 1962.

## מיין דור גייט אַוועק

מײַן דור גייט אַוועק מיט זײַן לויטערן גלויבן,
מיט ליכטיקן, הייליקן טרוים.
ווען כרובים באַגלייטן ווי שניי־ווײַסע טויבן,
ווי וואָלקנדלעך קלאָרע אין רוים.

און ווען ס׳באַגלייט גאָר דער פינצטערער טרויער
ביז נאַכטיקן תהום, ביזן סוף.
די וועלט לייזט זיך אויף בײַם בית־עולמשן טויער,
ס׳הייבט אָן זיך דער אייביקער שלאָף.

מײַן דור גייט אַוועק און די יורשים ווער זענען?
וועט זײַן ווער ס׳זאָל היטן די קרוין?
צי שנאה, צי האַס אין די הערצער וועט ברענען?
צי ליבשאַפט — פאַר טרוימערס אַ לוין?

צי נאָכקומערס וועלן די אָבות פאַרשעמען
מיט מאַסן־טויט, הפקר און שאַנד?
צי אויפשטיין וועט מענטש פונעם עתיד, וואָס שמ׳ען
אין וועלט וועט פון ראַנד ביזן ראַנד?

וואָס קומען ער וועט גאָר מיט לוחות מיט נײַע,
געהייליקט דורך בליצן, דורך פלאַם?...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מײַן דור גייט אַוועק — אַלע טרוימערס געטרײַע, —
גאָט! זאָל זיי נישט טוישן דער כאַם...

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1963.

## אין ווייטן עתיד

כ׳הער קלוגע רייד פון ביכער, פון דער חכמה אויסגעליִען,
ווי ס׳וועט דער מענטש פון ווײַטן עתיד זײַן פון גליק באַהעלט;
זײַן לעבן — ווי אַ חלום; ווי אַן אָדלער וועט ער פליִען.
און ס׳וועט לסוף שוין אַ גן־עדן וואָרער זײַן די וועלט.

עס וועט דער מענטש דערהויבן זיך צו ווײַטסטער סטראַטאָספערע.
לבנה... מאַרס... — פאַר איטלעכן אַ פריילעכער שפּאַציר.
באחרית ימים אמתער נאָך דורות לאַנגע, שווערע,
און פרידן אייביקער וועט זײַן אויף ערד דער שענסטער ציר.

קיין קין און קיין הבל. אַלע, אַלע גלײַכע ברידער.
קיין שעיר לעזאָזל מער, דער ייִד — אוים אַהאַספער.
און פאָלק צו פאָלק, און מענטש צו מענטש וועט זינגען ליבע־לידער,
אין אַקעראַײַזן לאַנג פאַרוואַנדלט זײַן וועט דאָס געווער.

איין שוואַרצע קללה נאָר וועט אייביק בלײַבן פאַר די צײַטן —
דער טויט! דער טויט וועט שאָטענען פאַר אַלע גלײַך.
עס וועלן קיין אַנטרינונג זײַן פון אים די ווײַטסטע ווײַטן,
כאָטש ס׳וועט די חכמה זײַן שוין אַזוי טיף און אַזוי רײַך — — —

פּיריאַפּאָליס, פעבר. 1967.

## צו מײַן מוזע

װעסט קומען צו מיר אין די נעכט אין די שװאַרצע
און טרייסטן און װעקן געזאַנג;
װעסט צינדן דעם הייליקסטן פלאַם אין נשמה
און לײַטערן װערטער אין קלאַנג.

פאַרטרײַבן פון מיר װעסט די פינצטערסטע רגעס,
װען טויט, דוכט, שוין לויערט בײַם שװעל.
קאָנסט װײַזן דעם כּישוף, װען די מרה־שחורה
צעזינגט זיך אויך לוסטיק אין זעל.

ס׳פאַרראַט װען אַ פרײַנט, צי אַפילו אַ חבר,
דײַן דורכפאַל אַ מאָל ברענגט אים פרייד.
נאָר דו, מײַן באַשערטע, מײַן מוזע געטרײַע,
ביסט תמיד צו טרייסטן מיך גרייט.

דערשײַנסט צו מיר דעמאָלט, באַפליגלטער מלאך,
און שטעלסט זיך געטרײַ נעבן מיר.
און ליכטיק װערט דאָן מיר, כ׳צעשטראַל זיך, צעזינג זיך
װי כ׳פיל נאָר דײַן פליגל־באַריר.

און כ׳װײס, װעסט אַזוי מיך כּסדר באַגלייטן
ביז רגע ביז לעצטער אין װעג.
מיט ליד איז אויך גרינגער די **לעצטע צעשיידונג,**
װען טאָג גייט אַװעק, גייט אַװעק — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1963.

# אַ טאָג, מיין טאָג

אַ טאָג, מייַן טאָג, נישט אײַל זיך,
נעם מיך מיט ליכט אַרום.
דייַן ליכט פאַר מיר איז לעבן,
ווי ס'איז די זון פאַר בלום.

אַ זון, אַ זון, נישט נייג זיך
אַראָפּ צו מערב־זײַט.
פאַרלאָז נאָך נישט דעם הימל,
צו נאַכט עס איז נאָך צײַט.

מיך שרעקט די נאַכט, דער חושך,
די שטומע, טויטע וועלט;
די שטילקייט פון בית־עולם,
דאָס קברשע געצעלט.

אַ טאָג, מייַן טאָג, פאַרגיי נישט,
נישט זינק אין סאַמע מיט.
דאָס האַרץ נאָך פול מיט זומער,
מיט ליבשאַפט און מיט ליד — —

ב. אײַרעס, 1965.

## קורצע פריידן

קורצע זײַנען מײַנע פריידן,
מײַנע ליידן לאַנג.
דורכגעוועבט דערפאַר מיט טרויער
אויך איז מײַן געזאַנג.

אָפּגעבליט שוין איז מײַן גאָרטן,
האַרבסט איז דאָרט אַצינד.
אַלע פייגל שוין פאַרפלויגן,
קדיש זאָגט דער ווינט.

פון מײַן גאָרטן מיר געבליבן
נאָר איין בלימל קוים; —
ליגט עס אין אַ בוך און וויאַנעט,
צאַנקט אַזוי מײַן טרוים — — —

**ב. אײַרעס, 1963.**

# עלעגיע

מיך האָבן אָפּגענאַרט די וועגן,
די בלויקייטן אין ווײַטער ווײַט.
די זון אין פלאַמען זינקט אַנטקעגן
אין אומעטיקער שקיעה-צײַט.

איך בין געגאַנגען, נישט דערגאַנגען
צו דעם געגאַרטן גרינעם ברעג —
מיט מײַנע זוניקע געזאַנגען,
מיט מײַנע זינגענדיקע טעג.

מיך גרוילט דער דעמער. שאָטנס פאַלן
און שפרייטן זיך פאַר מײַנע טריט.
און מיט די לעצטע פורפור-שטראַלן
גייט אויס אַזוי, פאַרשטומט מײַן ליד — —

ב. אײַרעס, 1963.

# גאַסטראָל

(מעדיטאַציעס)

דו קומסט, בן־אָדם, אויף דעם ערד־פּלאַנעט נאָר אויף גאַסטראָל.
ס'איז ווי אַ מעטעאָרן־גלאַנץ נאָר אויף אַ קורצער ווײַל.
ס'איז אַ גאַסטראָל אויף נאָר איין איינציק, נאָר איין איינציק
מאָל, —
טאָ דאַרפסטו אין דער קליינער ווײַל דערזען כאָטש אויף אַ מײַל...

קוק רעכטס און לינקס און נעם, אָ נעם די גאַנצע וועלט אַרום,
דעם בלוי פון ווײַטן הימל און דעם רייץ פון בונטער ערד,
דעם כישוף פון דער ווײַטער זון, דעם ספּינקס פון כל היקום;
פאַרנעם זשע דאָס געזאַנג פון פרילינג, וואָס דיר איז באַשערט.

עס דויערט דײַן גאַסטראָל אויף ערד־פּלאַנעט דאָך גאָר נישט
לאַנג —
אַ געניץ נאָר אין אייביקייט אַרײַן, נישט מער, נישט מער. —
טאָ זאָל דײַן קורצער זײַן כאָטש בלײַבן ווי אַ שיינער קלאַנג,
אַ ליד, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ פון ווײַטער
סטראַטאָספער — — — —

פּיריאַפּאָליס, פעבר. 1967.

## עפּיזאָד אין אַ פרימאָרגן

איך האָב געמיינט: ס'איז אָנגעלאָפן ראַש דער לעצטער טאָג;
אַז כ'זע דעם הימל דורכן פענצטער שוין צום לעצטן מאָל.
עס האָט דאָס האַרץ געפלאַטערט ווי אַ טויב אין שוחטס האַנט;
עס האָבן טויט און לעבן זיך געוויגט ווי אויף אַ שאָל.

עס האָט מײַן בליק געבעטן זיך בײַם וואָלקנדל אין דר'הויך:
„אָ, שטיי נאָך, ווײַסער וואָלקנדל... אָ, שטיי נאָך, נישט פאַרשווינד.
„אָ, רוף צונויף די פרײַנט מײַנע... אָ, רוף די גאַנצע וועלט!" — —
איך האָב געבעטן מאַמע־רחמים ווי אַ הילפלאָז קינד.

איך האָב געמיינט... נאָר שפּעטער האָט צו מיר די זון געלאַכט:
כאַ־כאַ, עס איז געוועזן גאָר אַזאַ מין תליה־שפּאַס.
עס האָט די ווײַסע טויב באַפרײַט זיך פונעם שוחטס האַנט,
און ס'האָט מײַן בליק די פרייד פון שטאָט דערזען, די מענטשן־גאַס.

וואַרשע, 1935.

# אין איינזאַמסטער שעה

איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט זײַן בײַ מײַן צוקאָפּנס
ווען קומען וועט אַ מאָל צו מיר די לעצטע שעה;
ווען הימל ווערן וועט אַלץ ווײַטער, אויסגעלאָשן;
ווען קיינער שוין, ווען קיינער איז שוין מער נישטאָ.

כ׳וואָלט וועלן מיטנעמען דײַן אָפּשייד־בליק דײַן שטומען,
דײַן צאַרטע האַנט אין מײַנער ווי אַ לעצט געשאַנק;
די לעצטע ליבשאַפט אין דער לעצטער, לעצטער רגע,
ווען איינשלאָפן וועט לאַנגזאַם, לאַנגזאַם דער געדאַנק.

זאָלסט שטיין אַזוי לעם מיר פאַרשטומט און מיט דײַן טרייסטשאַפט
און פאַלן זאָל אויף מיר דײַן ליבשאַפט דורך אַ טרער.
קאָן זײַן, כ׳וועל פילן עס, כאָטש כ׳וועל שוין שווײַגן, שווײַגן;
קאָן זײַן, ס׳וועט אויך דערגיין דײַן כליפּ צו מײַן געהער.

איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט זײַן בײַ מײַן צוקאָפּנס,
מיך שרעקט דער טויט אין שטומע עלנטע פיר ווענט, —
ווען דורכן פענצטער קוקט אַ גלײַכגילטיקער דרויסן;
ווען לעצטע רגעס אין יסורים אויסגעברענט — — — —

ב. אײַרעס, 1965.

## וואַרט נאָך

אָ, וואַרט נאָך, זון, אין מערב,
און איַיל זיך נישט, אָ, נאַכט:
איך האָב נאָך אַלע גאַרבן
אין שיַיער נישט געבראַכט.

זיי ליגן נאָך צעוואָרפן,
אויף ברייטן פעלד צעשפּרייט.
אָ, לאָז נאָך, זון, מיר זאַמלען,
פאַרגין מיר, נאַכט, די פרייד.

איך האָב געזייט די קערנער,
מיט ליבשאַפט זיי גענערט.
איז קומט דאָך מיר געניסן
די גאָבן פון דער ערד.

איז ווילט זיך אַלע גאַרבן
צונויפזאַמלען אַצינד.
טאָ קום נישט, נאַכט, פריציַיטיק,
גליַיך ווי אַ שטורעם-ווינט...

אָ, וואַרט נאָך, זון, אין מערב,
און איַיל זיך נישט, אָ, נאַכט.
איך האָב נאָך אַלע גאַרבן
אין שיַיער נישט געבראַכט...

ב. איַרעס, 1966.

## די שטומע וועלט

דעלפינען טויכן־אויף פון ים־פלאך
אין אײַליקן געיעג.
אַ קאַלער זיך מיט קאָפּ און רוקן
און ווײַטער אינעם וועג.

ווי גרויע לייבן זיי זיך וואַרפן,
אַ שלונג נאָר טאָן פון לופט.
זיי ציט דער וואַסער־תהום, די טיפקייט,
די סטיכיע זיי עס רופט.

ס'איז אונטן זייער וועלט און לעבן,
די רחבותן — פאַר זיי.
נישטאָ קיין גרענעצן געמאַכטע
אין אייביקן געדריי.

נישטאָ קיין שוץ דאָרט פאַר די שוואַכע,
פאַר פישלעך יונג און קליין.
די פיש דאָך שטום. ווער שטאַרקער, שלינגט זיי,
זיי שטאַרבן אָן געוויין.

דעלפינען טויכן־אויף פון וואַסער
און זינקען באַלד צוריק.
די קילע, שטילע וועלט פון אונטן
זי גיט זיי פאַנג און גליק.

און קיינער טוט נישט פּראָטעסטירן —
קאָנסט טויטן טאָג און נעכט.
אויך דאָרט די שטאַרקע זײַנען זיגער,
די שוואַכע זײַנען קנעכט.

זעט אוים, אין ים אויך די מנהגים
אזוי ווי אויף דער ערד:
ווער שטארקער איז, שלינגט־איַין דעם שוואכן —
אזוי איז שוין באשערט — —

אויפן אַטלאַנטיק, יוני 1965.

# ראַנטשאָס אויף די וועגן

פאַר וואָס אַזוי פיל ראַנטשאָס ביי די וועגן לאַנגע, ווייטע —
געצעלטן פון דער אָרעמשאַפט אויף אַרגענטינער ערד?
די נאָרעס מענטשלעכע פון בלעכן, ברעטלעך, ליים און צווייגלעך —
אַזאַ מין „היים" פאַר מין פאַר „יחוסדיקן" איז באַשערט.

עס שמייסן רעגנס, ס'וואָיען ווינטן אין די ראַנטשאָ־לעכער,
אין אַלטע טראַנטעס צויטיקע פון הפקר קליין און גרויס.
בשכנות וואַקסן פאַרביקע טשאַלעטן אויס און רייצן,
אין נעכט פון יענע פענצטער ווינקט און לאָקט די פרייד אַרויס.

זעסט ביי די ראַנטשאָס קינדערלעך, פון היץ און קעלט פאַרשוואַרצטע,
און מאַמעס מאַכן פייערן פאַר מאָגער־בידנע טעפּ.
דאָ וואַקסן מענטשן אויס ווי צאַברעס שטעכיקע דערנעבן,
מיט טונקל־ברוינע פּנימער, מיט פּעכיק־שוואַרצע קעפּ.

און ס'וואַקסט אַזוי די אָרעמשאַפט אין אומענדלעכע פּאַמפּאַס,
און ס'וואַקסט אַזוי דער צאָרן־פלאַם אין רויען מענטש פון נויט.
עס איז ווי אַ צולהכעיס־שפּיל: פּאַלאַצן אין אַ שפע —
און ראַנטשאָס דאָ און דאָרט צעשפּרייט, ווו ס'פעלט דאָס ביסן
ברויט — — —

ריאָ האָנדאָ, 1963.

## נאָך איידער

חטוף ואכול... שלינג זון, שלינג כישופדיקן שטערן־שײַן
נאָך איידער ס'שלאָגט דיר אוים דײַן לעצטע שעה;
נאָך איידער קומסט אין יענעם שטילן מלכות פון נישט־זײַן,
חוץ חושך אייביקער איז דאָרטן מער נישטאָ.

טרינק ווי האַשיש פון ליבע־בעכער און באַטרונקען ווער,
נישט פילן זאָלסט פון טויט די מוראדיקע טריט.
און פילן וועסטו אויך דאָך נישט דער ליבסטערס הייסע טרער,
אָ, בלויז איין רגע שפּעטער נאָכן ערד־פאַרשיט.

חטוף ואכול... שלינג שיינקייטן, די בלויקייטן געניס,
נישט צייל דעם האַרץ־ריטעם, נישט חשבון דײַנע טעג.
אָ זע! עס שפּרייט דער יונגער פרילינג זיך פאַר דײַנע פיס,
דער רוישנדיקער ים, דער מאָכיק־גרינער שטעג — — —

פּיריאַפּאָליס, פעבר. 1967.

## מיין פריינט דער בונטאַר

מײַן פרײַנט און מײַן חבר אין יאָרן
דערשינען צו מיר מיט אַ היץ;
די זילבערנע לאָקן צעשויבערט,
אין מאַט-בלויע אויגן אַ בליץ.

זײַן שטים, וואָס פאַרלוירן דעם דונער
זינט ס'איז שוין זײַן שטורעם אַוועק —
איצט האָט זיך אויף ס'נײַ הויך צעקלונגען,
ווי אין די פאַרשוווּמענע טעג:
— — — — — — — — — — — —

— „בן-אָדם, וואָס זיצסטו אין שאָטן,
געבויגן רק איבער פּאַפּיר?
העי קום, לאָמיר אַלע אינאיינעם
אַרויסגיין אין מאַרש...
העי קעפּ אַלע גרויע,
מיט רוקנס געבויגן,
מיט ציטער אין קני;
מיט אויגן, ווו ס'גליט נאָך
אַ פלעמל, אַ פונק;
מיט הערצער, ווו ס'צאַפּלט,
ווו ס'רוישט נאָך אַ קוואַל.
קומט, זקנים, קומט אַלע,
אינאיינעם אין מאַרש.
— גענוג מיט דער זיקנה
מיר ווילן קיין רו,
מיר ווילן קיין סוף...
צו וואָס אונדז געררייצט אַלץ,
געלאָקט און צעברענט
מיט פרילינגס, מיט זומערס,
מיט בלוי און מיט זון?

צו וואָס אונדז געוועקט
צו געראַנגל,
צו כישוף,
צו גלאַנץ;
געוויזן אונדז עתיד,
געוויזן מיראַזש
פון אַ ליכטיקער צײַט? — — — —
איז ווו זשע דער עתיד?
איז ווו זשע די צײַט?
אַז ווערסט גאָר אין מיטן
מיט זיקנה געליימט;
אַז גרייט שוין אַ קבר,
אַ פינצטערע נאַכט
פאַר אַלע, וואָס האָבן געבלוטיקט;
פאַר אַלע, וואָס האָבן געקעמפט...
איז ווו זשע, איז ווו זשע דער עתיד?
איז ווו זשע די ליכטיקע צײַט?
ווו און פאַר װעמען?
ווו און פאַר וועמען?
צי וועלן די מענטשן פון עתיד
זײַן בעסער, זײַן שענער?
פאַר וואָס נאָר פאַר זיי?
פאַר זיי נאָר, וואָס קומען צום גרייטן?
פאַר זיי שור-הבר און לוויתן
און יין המשומר?
און מיר? —
און מיר נאָר — פאַר ווערעם?!
פאַר מיסטיקן פעלדער?! — — —
ווו יושר?
ווו דין?
און ווו משפט?
אַ, הונדערט מאָל ניין!
אַ, מוחל דעם יושר אַזאַ פונעם הימל,

דעם סדר דעם בלינדן פון ערד.
אָ, הונדערט מאָל ניין!
מיר ווילן אויך זײַן אויף דער שמחה
פון ליכטיקער צײַט — — — —
העי קום, לאָמיר אַלע אינאייגעם
ארויסגיין אין מאַרש!" — — — —
— — — — — — — — — — — — —

מײַן פרײַנט און מײַן חבר אין יאָרן —
ער איז דאָך, אוי כ'לעבן, גערעכט.
געוואָרן בונטאַר קעגן גורל
און וויל מער נישט זײַן גורלס קנעכט.

עס גלוסט אים נישט זײַן מער קיין קרבן,
נישט שטאַרבן פון זיקנה אין בעט.
ווען ס'לאָקן די פרילינגס — ווי פײַנלעך
די שיידונג — צו פרי נאָך, צו שפּעט.

און מיינט נישט, ר'איז מחמת סקלעראָזיס
פון זינען געוואָרן גערירט...
אָן אויסגוס ס'איז נאָר פון סאַרקאַזם,
פון בן־אָדמס פינאַל פּראָוואָצירט — — —

# צווישן פּאָעטן

(מעדיטאַציעס)

עס פרעגט מיך דער און יענער
פאַר וואָס איך שרײַב מיט גראַם;
פאַר וואָס בײַ מיר דער פערז איז
מיט ריטעם און מיט צאַם.

בײַ דעם און יענעם דיכטער
די פערזן זײַנען פרײַ;
דאָ שורות קורץ, דאָ לאַנגע —
מען זאָגט, אַז דאָס איז נײַ.

צו וואָס דער גראַם, דער ריטעם?
צו וואָס די פערזנמאָס?
ווי זעלנער אין אַ שורה —
צו וואָס זשע דאַרף מען דאָס?

עס פרעגט מיך דער און יענער...
איר ווייסט דאָך, ליבע פרײַנט,
פאַראַן אין קונסט פיל מאָדעס
פון נעכטן און פון הײַנט.

אַ שמיר נאָר אויפן לײַוונט,
מיט פענדזל נאָר אַ שפּריץ —
דאָס הייסט הײַנט „מאָדערניזם",
כאָטש ס'זעט אויס ווי אַ וויץ.

אַ ראַגאַזשע פֿאַרסטריגעט,
אַ לאַטע און אַ ריס... —
עס קוקן „קונסט־מבינים"
און קווען לאַקריץ־זיס.

ווײַל ס'איז דאָך אין דער מאָדע,
מ'מוז גיין דאָך מיט דער צײַט.
אַזוי אויך בײַ פּאָעטן, —
די אויסדערוויילטע לײַט.

נאָר איך... די אַלטע מאָדע
צום בעסטן מיר געפֿעלט:
אַ ליד קאָן ליד נישט הייסן
ווען די מוזיק אים פֿעלט.

כ'קען דיכטער פֿיל מאָדערנע,
מיט תוך, מיט שווּנג און טיף;
מיט אויער אָבער שטומפּיק,
אין ווײלקלאַנג קיין באַגריף.

דעריבער זייער שאַפֿונג
קאָן הייסן ווי איר ווילט —
נאָר ליד? אָ, ניין! — מעג זײַן עס
מיט חכמה אָנגעפֿילט.

אַ ליד איז דאָך סימפֿאָניע,
אַ ליד איז דאָך געזאַנג, —
נו, מוז עס האָבן ריטעם,
נו, מוז עס האָבן קלאַנג.

דעריבער שרײַב איך ליבערשט
מיט ריטעם און מיט גראַם.
נאָר אין אַזעלכע פערזן
דערפיל איך גוטן טעם.

אַ טרייסט מײַן מוזע ברענגט מיר
פון דיכטער אַזש אַ שאָק:
פון געטהע, היינע, פושקין
ביז פאָ, באָדלער און בלאָק — —

## אויף גלותדיקע וועגן

אויף גלותדיקע וואַנדער־וועגן,
אין פרעמדער, קאַלטער וועלט —
דו האָסט אין ווינט, אין טריבן רעגן
דײַן סוכה אויפגעשטעלט.

און אין געצעלט פון דינע ברעטער
איז תמיד העל געווען.
געגלויבט אין „אַחרית", אין דעם שפּעטער;
אין נס, וואָס וועט געשען.

געלאָשן האָבן שטורעמס קאַלטע
דײַן ליכט דורך סוכה־ווענט.
נאָר ס'גייט נישט אום דאָס ליכט, דאָס אַלטע —
דער סנה, וואָס אייביק ברענט...

די שטערן דורכן סכך פון אויבן
געטרייסט אין נעכט, וואָס שוואַרץ;
געוועקט בטחון און אַ גלויבן
אין טיפעניש פון האַרץ — — —

# ישראל־מאָטיוון

## א.
## ישראל

דו האָסט זיך איינגעביסן טיף אין פעלדזן און אין שטיינער
מיט הייזער־בלאָקן בלאַנקיקע, מיט שטעט זיך אויסגעשפּרייט.
געשניטן וויסטע, האַרטע בערג, מדבריות אויסגעפלאַסטערט,
מיט גרינקייטן באַצויגן פלאַכקייטן אין לענג און ברייט.

טרייבסט וואַסער — לעבן! — אין די גרויע וויסטקייטן אוראַלטע,
וואָס טויט שוין דורות־לאַנג געווען, אָן גרעזל און אָן פלאַנץ.
מחיה־מתימדיק צעגרינסטו ערד און ס׳וואַקסן אויס ישובים,
און קינדערלעך צעשפּילן זיך, צעזינגען זיך אין קראַנץ.

פון גורל די פאַרטריבענע, דורך רשעותן און גרוילן,
אַן אייגן מקלט אויסגעוויילט, אַ קליינטשיק פּונקט אויף ערד.
מיט שוויים און בלוט געהייליקט איז איעדער שפּאַן געוואָרן, —
די נעסט די אויסגעחלומטע מיט ספר און מיט שווערד.

וועסטו דעם מקלט אָפּהיטן פאַר היינט און פאַרן מאָרגן,
אַ שוץ אַן אייזערנע — די יונגע בראַווע טעכטער, זין.
טאָ זאָל זשע כאָטש איין ווינקעלע דאָס וואָגל־פאָלק פאַרמאָגן,
איין זיכער רויִק ווינקעלע צעווישן מענטשן־מין.

די פיינט אַרום זיי לויערן פון אַלע, אַלע זייטן,
מיט בלינדער קנאה־שנאה אָטעמט נאָך די פרעמדע וועלט.
נאָך ווייניק איז דיין מס פון בלוט, ס׳איז נאָך נישט זאַט דער תליון,
עס קאָכט, עס רייצט זיין צאָרן אויף דיין אויפגעשטעלט געצעלט...

אויף דיינע וועגן־שטעגן די מצבות דיר דערמאָנען:
נישט אויף אַ טאַץ אַ זילבערנער געגעבן איז דאָס לאַנד...
נאָך געטאָס, גאַז־קאַמערס האָט הייליק אויפגעפלאַמט די גבורה,
די גבורה מאַקאַבייִשע אין שלאַכט־פעלדער, אין בראַנד ———

גבעתיים, אַפּריל 1965.

ב.

## יעדער שפּאַן

יעדער שפּאַן, יעדער פּיצעלע גרינקייט,
יעדער ביימל, איעדער ציפּרעס —
נאָר מיט שוויים און מיט בלוט אַלץ צו וועגן,
מיט געפּאַרן, געראַנגל און נס.

נאָר מיט יונגע חלומות, מיט לעבנס,
איז די וויסטקייט צעגרינט און צעבליט.
נאָר מיט גבורה פון יונגע גיבורים
איז דערוואָרבן איעטוועדער טריט.

ווער מיט טרערן עס זייט, שנײַדט מיט לידער,
איצטער קלינגט אויף די פעלדער געזאַנג.
ווער עס מעסט איצט די בערג און די טאָלן —
ווערט די שיינקייט אים בלײַבן אויף לאַנג.

ווער איצט פרילינג-צײַט שפּאַנט דורך פּרדסים,
ווערט ער תמיד שוין פילן דעם דופט;
ווערט ער שפּעטער — אין פרעמדן און ווײַטן —
תמיד הערן ווי ס׳לאַנד יעניץ אים רופט.

ווערט ער בענטשן די הענט פון די בויערס,
ווער געאַקערט און ווער ס׳האָט געזייט.
און ווי זיי ווערט ער אויך זיך צעזינגען
און מיט זיי ווערט ער טיילן די פרייד — — —

אויפן אַטלאַנטיק, יוני 1965.

ג.

## אשדוד

א שטאָט פון זאַמד אַרויסגעוואַקסן —
די זוניקע אַשדוד.
די גאַסן ברייטע, ווײַסע הײַזער,
פאַרפלאַנצט שוין ווי אַ סאָד.

דאָ־דאָרט בײַ שטיבער קליינע גערטלעך.
עס שפּראָצט שוין און עס גרינט.
פון פענצטער בלאַנקען שוין גאַרדינען,
עס פאָכעט זיי דער ווינט.

פון די באַלקאָנען קוקן פרויען,
ווי מ׳אַספאַלטירט די גאַס.
טראַקטאָרן רוישן. חברה אַרבעט
שוין גאַרנישט אויף אַ שפּאַס.

דער נײַער האַפן באַלד שוין פאַרטיק —
אַ פרישער וועג צו וועלט.
די אַרבעט קאָכט בײַם בלויען וואַסער,
די זון צעשײַנט, צעהעלט.

ס׳איז אַ געמיש דאָ פון קאָלירן,
פון שבטים אַלערליי.
אין יונגן אימפּעטיקן אויפבוי
דאָס לאַנד פאַראייניקט זיי.

אין יונגן פאַרקל שפּילן קינדער
מיט פּילקע, ווי בײַ לײַט.
אַ שטוים מיט פּיסל און זי פליט שוין,
צעיאָגט מען זיך אין ווײַט.

פאַראַן שוין אויך אַ בית הכנסת
פאַר די, וואָס זײַנען פרום;
אַ בית החולים, שול פאַר קינדער,
וואָס טאַנצן דאָ אַרום.

פאַראַן שוין אויך אַ חזן־שוחט,
ס׳איז אַלץ כדת כדין.
אַ משטרה 1) שוין דאָ אַפילו,
וואָס היט דעם מענטשן־מין...

און קומט נאָר אָוונט — גרויסע רוען
פון פּראַצע און פון מי.
די יוגנט גייט צום ים שפּאַצירן —
אויף ליבע טוט אַ צי...

גבעתיים, אַפּריל 1965.

1) פּאָליציי.

ד.

## ווען יידן מאַרשירן...

(יום העצמאות 1960)

צעווישן כרמל-באַרג און ים
איך האָב דעם מאַרש געזען —
און כ'האָב געמיינט, דאָס חלומט מיר,
אַ טרוים איז עס געווען.

צי יענע מאַקאַבייער-זין
פון דעם אַמאָל כ'זע איצט ?
פון מאַסן-טריט, פון שטאָלצן גאַנג,
פון מאַרש מיט גבורה בליצט.

און כ'האָב אין חלום מיר געטראַכט,
שטום קוקנדיק אויף זיי :
ווען ס'וואָלט אין געטאָגראַד אַרייַן
די יידישע אַרמיי...

ווען ס'וואָלטן אָט די העלדן פיל
אין געטאָ-שלאַכט אַרייַן —
דער חשבון בלוט, פון יידיש בלוט
אַן אַנדערער וואָלט זייַן...

צעקראַכט מען וואָלט די לאַגערן,
צעפליקט די געטאָ-ווענט ;
מען וואָלט אונדז דאַן מיליאָנענווייַז
אין אויוונס נישט געברענט — — —
— — — — — — — — — — — —

צעווישן כרמל-באַרג און ים
איך האָב דעם מאַרש געזען...
ניין, ניין, עס איז קיין חלום נישט,
עס איז קיין טרוים געווען — — —

חיפה, 1960.

## היים־רעמיניסצענצן

אויף דעכער שוין שפּילט זיך די זון,
כאָטש פֿײַכט נאָך, פֿון רעגן נאָך נאַס.
שוין פֿרילינגדיק. דופֿטיק די לופֿט.
און קינדערלעך שפּילן אין גאַס.

די פֿענצטער שוין פֿרײַ אויפֿגעפּראַלט,
וואָס ווינטער פֿאַרקלאַפּט געווען לאַנג.
אַ שטראַל איז אין שטיבל אַרײַן,
אַ צוויטשער, אַ פֿייגליש געזאַנג.

שוין פּסח־צײַט. הימל איז בלוי,
און בלוי אינעם שטעטל איז אויך.
פֿון לאַנקעס דער שניי שוין אַראָפּ,
און שוואַלבן אין שורות גאָר הויך.

שוין מצות מען באַקט אין „פּאָדריאַד"*)
צום פּסח איעדער זיך גרייט.
דער טאַטע אַ מלך וועט זײַן,
צו אונדז וועט אויך קומען די פֿרייד.

כאָטש אָרעם און טריב איז מײַן היים,
נאָר דלד על דלד אין נויט.
דער ווינטער פֿול דאגות און קעלט,
אַ נס יעדער פּיצעלע ברויט.

דאָך פּסח איז אויך אין מײַן היים,
מײַן טאַטע דאָך מלך איז דאַן.

---

*) בעקערײַ, ווו מ׳באַקט קאָלעקטיוו מצות.

מיט נסים ווערט מצה געגרייט
און מרור דאָך זיכער פאַראַן...

און אויב נישט קיין ווײַן — איז אויך גוט
אין כוסות גאָר פּשוטער טיי.
צום סדר איז אַנדערש דער טעם
און זים קאָן אויך ווערן דער וויי.

און אַט ברענגט דער טאַטע איין טאָג
פון בוידעם די כוסות אַראָפּ.
און איך וועל די קשיות די פיר
אים פרעגן מיט ניגון, מיט טראָפּ.

און קומט ערב פּסח נאָר אָן —
מיט טאַטן אין שולכל כ׳גיי-מיט.
דער חזן מתיקותדיק זינגט
און ס׳זינגט-מיט איעטוועדער ייִד.

ליל שימורים. די נאַכט רוקט זיך אָן.
אין שטיבער מען „זאָגט" און מען זינגט.
פון נסים אַמאָל בײַ דעם ניל
אין געסלעך אין שטילע פאַרקלינגט.

און ס׳קלינגט „שפוך חמתך" מיט פלאַם
פון איטלעכן שטיבל אַרויס.
הײַנט גייט אליהו אַרום,
זײַן כוס דאָך אין איטלעכן הויז.

און ס׳פליסט שיר השירים לסוף,
ס׳קלינגט שלמהס געזאַנג אומעטום.
און נאַכט טראָגט דעם ניגון אַרויף
צום הימל, וואָס הערט זיך צו שטום — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

ווּ יענע ניגונים אַצינד?
דער טאַטע פון וויַיטן אַמאָל?...
די היים אַ בית-עולם איז איצט,
פון מענטשישע ביינער אַ טאָל — — —

ב. איַרעס, 1965.

## די הויף־בעטלערין

(אַן אַלט־וואַרשעווער מאָטיוו)

גייט זי, בלאָנקעט איבער הויפן
מיט איר טאָרבע — איר פּאַרמאָג.
רופט צו פענצטער, גוטע מענטשן,
רופט אַזוי זי אַלע טאָג:

אַלטע ברויט,
אַלטע זעמל,
אַלטע חלה —
וואַרפט אַראָפּ!

עלנט, קראַנק, אין וויסטער עלטער.
קאַלט אין קעלער־שטוב און נאַס.
פּלאָגט דער דלות, נאָגט דער הונגער.
בלאָנקעט זי פון גאַס צו גאַס.

אַלטע ברויט... אאַז״וו.

וועט זי אויף די שטיינער פאַלן,
אויסגיין ביי אַ פרעמדער שטוב, —
קיינער וועט קיין קדיש זאָגן,
רוען וועט זי שוין אין גרוב...

אַלטע ברויט... אאַז״וו.

## אין יתומים־היים

(קינדער־מאָטיוו)

כ׳האָב קיין טאַטן, כ׳האָב קיין מאַמען
אין דער גרויסער וועלט ;
קיינער גלעט נישט, קיינער קושט נישט,
אַז אַ מאַמע פעלט.

קיינער טוליעט נישט צום האַרצן,
ווישט נישט אָפּ אַ טרער.
ס׳שטייען בעטלעך גאַנצע שורות —
נאָר פאַרוויגט דען ווער ?

קינדער, ווער קען זינגען לידער ?
איינס־צוויי, איינס־צוויי, איינס ! —
לאָמיר זיך אַליין פאַרוויגן
מיט אַ ליד אַ שיינס.

וואַרשע, 1933.

# נ ע י ל ה

האלט אָפן נאָך דײַן שער הרחמים,
ווען זון שוין נייגט, אין שעה אין שפּעטער.
די תפילות גרייכן צו די הימלען,
פאַרנעם דאָס קול פון דײַנע בעטער.

א גאַנצן טאָג אין בכיות, ענוי;
געפאַלן פאַר דײַן כבוד כורעים.
שוין גייען אוים די וואַקס־ליכט, צאַנקען,
ווי נשמת קדושים וטהורים.

ווען פאָלק געגאַנגען צו עקידה,
האָסט נישט געשיקט קיין מלאך־רעטער.
האָט חלף — אָן דײַן נס — געשאָכטן,
פאַרלאָרן האָסט אַזוי פיל בעטער.

מוז טיף ווי תהום זײַן דײַן חרטה,
רקיעים דײַנע פול מיט טרויער...
ווען זון שוין נייגט, אין שעה פון נעילה,
כאָטש איצט נישט שליס דאָס רחמים־טויער — — — —

ב. אַמרעס, 1958.

## אויף קבר אבות

כ׳וואָלט וועלן גיין אויף קבר־אָבות,
צום היימיש־אַלטן „גוטן אָרט״;
צו יענע שטילע גראָזן, יאַלקעס.
אַ שטילקייט אייביקע איז דאָרט.

כ׳וואָלט וועלן קומען מיט מײַן יזכור,
פאַרגיסן אין דער שטיל אַ טרער:
ס׳האָט צופיל צער זיך אָנגעקליבן,
עס איז אין האַרץ צו טראָגן שווער.

איז גוט אַרויסוויינען דעם טרויער
בײַ טאַטע־מאַמעס גרויען שטיין.
נאָר כ׳קאָן אַהין צו דעם בית־עולם
אויף קבר־אָבות קיינמאָל גיין.

ס׳איז וויסט, אַ הפקר דער בית־עולם;
אַ פּאַשע־פעלד איז עס אַצינד.
צעוואָרפן אַלינקע מצבות,
עס יאָמערט דאָרטן נאָר דער ווינט.

מיט טאַטנס קבר זיך געזעגנט
אין יענער טרויעריקער צײַט, —
ווען ס׳האָבן ליגנערשע „דערלייזערס״
פאַרוואָרפן מיך אין טײַגעס ווײַט...

מײַן מאַמען נישט באַשערט קיין קבר —
פאַרברענט איז זי אויף אַש מסתּם.
און אירע לעצטע זיקנה־טרערן
אַרײַן אין גרויסן טרערן־ים.

נישטאָ צו וועמען איצט צו קומען,
אויף קבר־אָבות איצט צו גיין.
וואַקסט גרעסער אַלץ דער צער, דער טרויער,
נישט אויסגעוויינט איז דאָס געוויין — — —

ב. אײַרעס, 1964.

# ה. לייוויק

(צו זײַן ערשטן יאָרצײַט)

גענליבן ווי יתומים אָן אַ טאַטן דײַנע לידער,
אין גרויסן חלל טרויערט, יאָמערט דײַן געזאַנג.
עס דוכט זיך אַלץ, פון הינטער אַ קורטינע קומסטו ווידער.
דו ביסט אַוועק בלויז צײַטווײַליק, נאָר נישט אויף לאַנג.

עס דוכט, דײַן זילבער־ווײַסער קאָפּ דערשײַנט באַלד און דערפרייען
וועט די פאַרליבטע און פאַרבענקטע נאָך דײַן וואָרט.
עס גלויבט זיך נישט, אַז ביסט געווען ווי אַלע וואָס פאַרגייען;
אַז אייביק לײדיק, פוסט וועט בלײַבן שוין דײַן אָרט.

מיט נישט־געשטילטער בענקשאַפט תמיד פאָלק וועט דיך
דערמאָנען, —
דערמאָנען, היטנדיק געטרײַ דײַן קרוין, דײַן רום.
האָסט מיט דײַן וואָרט באַפליגלטן געלאָקט מיט דיר צו שפּאַנען
צו שיינקייטן, וואָס ליגן ווו פאַרבאָרגן, שטום — — — —

ב. איירעס, דעצ. 1963.

## פאַרלאָשן אַ שטערן

(אויפן טויט פון אַהרן גלאַנץ־לעיעלעס)

פאַרלאָשן אַ שטערן,
פאַרגאַנגען אַ ליכט.
אין הימלישע ספערן
אַוועק אומגעריכט.

אַוועק מיט זײַן שמייכל,
פאַרשטומט שוין זײַן וואָרט.
געבליבן אין היכל
אַ ליידיקער אָרט.

אַ ליבשאַפט פאַרלאָשן,
אַ שטראַליקער ייִד;
אַ ריטער פון לשון,
אַ ריטער פון ליד.

באַקראַנצט מיט געזאַנגען
ער האָט אונדזער וועלט.
מיט קרעפּ איצט באַהאַנגען
איז ייִדיש געצעלט.

זײַן וועלט איצט — בית עולם,
אַבלים — אַ סך.
און צווישן אַבלים —
זײַן ליד און זײַן שפּראַך — — — —

ב. אײַרעס, יאַנ. 1967.

## ביים „זיידנס״ קבר [1]

נאָך אַ קבר, נאָך אַ קרבן [2]
האָט פאַרשלונגען איצט די ערד.
נאָך אַ דעמב איז אומגעפאַלן,
שיטער אונדזער גאָרטן ווערט...

הויך און שלאַנק איז ער געווען
און זײַן שאָטן פריש און קיל.
וויפל פלעגן אונדז דערציילן
זײַנע צווײַגן אין דער שטיל.

וויפל מעשהלעך, וואָס רירן
דאָ מיט שמחה, דאָ מיט סם.
הערן פלעגן מיר ווי קינדער,
צוגעטוליעט צו זײַן שטאַם.

רוישן פלעגן זײַנע בלעטער,
וועקן אונדזער פרייד און לייד;
לאַכן פלעגן מיר און וויינען,
גיסן טרערן שטילערהייט.

ווי אַ קלוגער גרויער זיידע
פאַר די אייניקלעך אַמאָל —

---

1) די דאָזיקע עלעגיע איז געשריבן געוואָרן אויפן טויט פון מענדעלע מוכר ספרים אין 1917 און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ווילנער „לעצטע נײַעס“. צום דאָזיקן ליד האָט געשריבן מוזיק דער ווילנער קאַנטאָר און קאָמפּאָזיטאָר א. מ. בערנשטיין און אויף מענדעלעס שלושים־אַקאַדעמיע איז עס אין ווילנע געזונגען געוואָרן דורך אַ גרויסן שילער־כאָר. דער טעקסט (אַחוץ דער ערשטער סטראָפע) מיט די נאָטן איז אויך געדרוקט געוואָרן אין ש. באַסטאָמסקיס „מענדעלע־זאַמלבוך“, ווילנע. דאָס ליד ווערט איבערגעדרוקט אין דאָזיקן בוך צום „זיידנס“ 50סטן יאָרצײַט, וואָס פאַלט גראָד אויס אין 1967.

2) אַלוזיע אויפן טויט פון פרץ און שלום עליכם (1915 — 1916).

אויך אַזוי פלעגט ער דערציילן
זײַנע מעשהלעך אָן צאָל.

ר׳האָט דערציילט אונדז פון אַ „שקאַפּע״,
וואָס געווען פאַרפאָלגט, געפּלאָגט...
נע ונד... געקײַלט... געשמיסן...
ווי געגנעכטיקט, נישט געטאָגט...

נישט קיין שטאָל און נישט קיין אָפּרו,
מיד און דאַר, קיין ביסן היי...
כלבים בייזע בילן, בײַסן,
קרעכצן פלעגט זי אַזש פאַר וויי...

זיפצן פלעגט זי רק און פרעגן:
וויפל, וויפל איז דער שיעור?
נאָר עס שפּאַסן די קונדייסים
און זיי שטיפן אַלץ מיט איר...

און נאָך פיל, נאָך פיל געשיכטן —
דאָ מיט אומעט, דאָ מיט גאַל,
דאָ מיט שטילן צער און וויטאָג,
דאָ מיט ברום פון וואַסערפאַל...
— — — — — — — — — —

רײַך געווען איז דער זיידע,
גרויס און פּרעכטיק זײַן פאַרמעג — — — —
זיידע! זיידע! דײַן ירושה
וועט באַשטראַלן אונדז דעם וועג!...

ווי דעם משכן אין דעם מדבר
טראָגן וועלן מיר אָן ברעג
דײַן ירושה — דײַנע ספרים —
ביז די ווײַטסטע, ווײַטסטע טעג! — — —

גראָדנע, דעצ. 1917

## צום ברודער — דיכטער

מיר קומען צו דעם פאָלק מיט ריינסטע איידלשטיינער,
מיר ברענגען אים די שענסטע פּערל פון געזאַנג;
נאָר אין דער גרויער גאַס מיר טרעפן קאַלטע שטיינער.
ווער וואַרט אויף אונדזער ייִדיש ליד? אויף אונדזער גאַנג?

ס'האָט אונדזער לשון, אונדזער ליד אַזוי פיל שונאים,
צעווישן ברידער אייגענע די מחנות פײַנט.
זיי ציִען פרעמדע מאַסקעס אָן אויף זייער פּנים,
פאַר תרח'ס תרפים בוקט מען זיך אפילו הײַנט.

דאָך גייען מיר אין אונדזער גאַנג אַלץ ווײַטער, ווײַטער;
מיר זינגען פאַר יחידים אפשר אונדזער ליד.
עס גיט די פליגל אונדז דער עתיד — אַ באַנײַטער, —
וואָס צינדט דעם קדושה־פלאַם אין טיפקייט פון געמיט — — — —

פּיריאַפּאָליס, פעבר. 1967.

## עס טראַכט זיך

עס טראַכט זיך: אפשר וועסטו בלײַבן לעבן אין די ביכער?
וזער ווייסט, צי דיר איז עס אויף דורות לאַנג באַשערט?
ס'איז קיינער אין די דורות קומענדיקע קיין מאָל זיכער —
נאָכדעם ווי ס'דעקט שוין צו די קאַלטע ערד.

דעריבער איז פאַרשטענדלעך דאָך דײַן גרויסער טיפער טרויער,
ווען ס'קומט דיר אויפן זין די שיידונג מיט דײַן ליד.
ווען שטום גייט אוים די זון און נאַכט מאַכט אויף איר
שוואַרצן טויער —
דאַן פילסטו: דײַן געזאַנג צעריסן ווערט אין מיט.

בלויז אייביק זינגט דער ים און אייביק בלויט דער רחבות-הימל —
די אַלטע עדות פון די דורות עד אין סוף.
איז וואָס זשע דײַן געזאַנג? דײַן פרילינג? דאַן דײַן קבר-דרימל?
די גרויע צײַט די דורות יאָגט ווי בידנע שאָף.

אומזיסט דײַן זכר קריצן אויף מצבות, מאָנומענטן,
אַזאַ אומשטאַרביקייט — אַן אָטעם נאָר פון צײַט.
עס איז געגליכן צו אַ שיינעם נעכטן אַ פאַרברענטן,
אין תהום פון גרויער אייביקייט עס גרייכט נישט ווײַט — — —

פּיריאַפּאָליס, פעבר. 1967.

## פֿאַרשעמטע אותיות

פֿאַרשעמטע אותיות מרובעות,
פֿאַרטריבן פֿונעם ייִדיש הויז.
פֿון ביכער-פּאָליצעס אין זאַלן
קיין צורת-אות קוקט נישט אַרויס.

מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען מאַמעס
פֿאַרוויגן מער שוין נישט קיין קינד.
אין גלות — ייִדישע ניגונים,
אין היימען ווייעט פֿרעמדער ווינט.

אַוועק אין אייביקייט דער זיידע,
די גרויע באָבע אויך אַוועק.
מיט זיי דער מחזור, „קרבן מנחה"
אַוועק אויך אין דעם לעצטן וועג.

קיין צייכן ייִדישקייט געבליבן
אין היימען ייִדישע אַ סך.
אין די חדרים בלאָזט אַ פֿרעמדקייט,
עס בלאָזט מיט קעלט פֿון פֿרעמדער שפּראַך.

עס וואַקסן קינדער, אויסגעכאָליעט,
גאָר אָן אַ טראָפּן ייִדיש חן.
דער אלף-בית וועט זיי נישט ברענגען
אין לאַבירינטן טיף און שיין — —

ב. אײַרעס, 1964.

## י י ד י ש

וווער עס ליבט דיך, האָט ליב אויך זײַן פֿאָלק,
איז נאָנט אים זײַן פֿרייד און זײַן לייד.
ביסט אַ קינד, וואָס געבוירן אין פּײַן,
דײַן וועג נישט מיט רויזן פֿאַרשפּרייט.

ביסט געבוירן אין וואָגל — דאָך ליב,
דאָך האַרציק בײַם פֿאָלק ביסט געווען.
ביסט געוואָקסן צוזאַמען מיט אים
בײַם ווײַסל, בײַם רהיין, צי בײַם סען.

האָסט צעצווײַגט זיך אַזוי ווי אַ דעמב,
מיט זאַפֿטן מיט פֿרישע צעבליט.
האָסט פֿאַרוועבט זיך אין מאַמעס געבעט,
אַרײַן אין נשמה פֿון ייִד.

זינגט דעם ערשטן געפּלאַפּל פֿון קינד,
פֿון וויגל ביז גריבל באַגלייט.
ביסט צוזאַמען אין וואָגל מיט פֿאָלק,
אין גלותן פֿרעמדע צעשפּרייט.

נאָר נישט אַלעמען דאָך דו געפֿעלסט,
דײַן יחוס נישט אַלעמען פּאַסט.
ווי אַ שטיף־קינד מען יאָגט דיך פֿון שטוב,
מען חוזקט פֿון דיר און מען שפּאַסט.

און אַפֿילו אין היימישן לאַנד,
ווי קינדער זיך זאַמלען פֿון פֿרעמד —
דאָרטן לאָזט מען צום טיש דיך נישט צו,
פֿון אייגענע ברידער פֿאַרשעמט.

דאָרטן האַלט מען דיך אַלץ פֿון דער ווײַט,
מען וואַרפֿט דיר נאָר צו קוים אַ ביין...
דאָך דײַן שיינקייט — אין טרויער פֿאַרהילט —
זי וויל נישט, זי וועט נישט פֿאַרגיין — — —

אויפֿן אַטלאַנטיק, יוני 1965.

# מיר זיינען נישט די לעצטע

(מחשבותן)

מלך ראַוויטשן
צו זײַן ווערן אַ בן־שבעים

אַ ניין! אַ ניין! מיר זײַנען נישט די לעצטע זינגער
אויף אונדזער יִדיש־ייִדישן פּאַרנאַס.
עס וועלן מאַמעס נאָך פאַרוויגן קינדער
מיט לידער ייִדישע אין אונדזער גאַס.

מיט צאַרטע לידער וועגן ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
ווי אין דער אַלטער, ליבער, גוטער צײַט.
פון פענצטער וועלן שבת־ליכט מיט קדושה פינקלען
אין שטעטלעך ייִדישע פון נאָענט און ווײַט.

און חתן־כלה צו דער חופּה וועט מען פירן
מיט קלעזמער פריילעך דווקא צו דער שול;
מיט מצווה־טענצלעך שמחהדיק פון זיידע־באָבע,
מיט ליכט, הבדלות און מיט כוסות פול.

אין אַלטע שולן וועלן זקנים ברענגען ראיות
על פּי קבלה ווען משיח קומט.
אין די משמרים־נעכט פון הינטער דעם פּרוכת
אַ קול פאַרנעמען זיי — די שכינה ברומט.

און אין די אלול־טעג וועט פרום דער שופר שאַלן
בײַ שחרית אין בית־מדרש פון באַגין.
מגידים — למד וואָוו — פון בימהס וועלן וועקן
צו תשובה, תפילה פאַרן יום־הדין.

און יוגנט ווידער וועבן וועט חלומות שיינע
פון עתיד ליכטיקן, אין ווײַטער ווײַט...

און ווידער וועלן לידער האָפענונג צעקלינגען
פון איין מאָל אָפּגעגנאַרטער נײַער צײַט — —

עס וועלן דורות ייִדישע נאָך קומען, קומען
מיט כישוף פון פאַרשניטענעם אַמאָל...
פון מאַסן־גריבער וועלן ניסימדיק נאָך אויפגיין
די קדושים, וואָס כחול הים אָן צאָל — —

אָ ניין! מיר זײַנען נישט די לעצטע... אונדזער ייִדיש לשון
וועט איבערגיין נאָך לאַנג פון דור צו דור.
בחינם די באַוויינער און אומזיסט דער קדיש,
וואָס ס׳זינגען אוים קברנים אין אַ כאָר...

ב. איַרעס, 1963.

## פאָלק פון ציון

(ציַיט־מאָטיוו)

אָ, פאָלק, מיַין פאָלק פון נײַעם ציון,
וויַיזט וווּנדער פון אַמאָל:
דו מאַכסט די שונאים לויפן, פליִען —
כאָטש דו ביסט קליין אין צאָל.

די שונאים פיל, פון אַלע זײַטן,
געשטיצט פון גרעסטער מאַכט:
די „וועלט־דערלייזערס״ פון דער ווײַטן
דײַן אומקום צוגעטראַכט...

נאָר מיטן ספר און מיט וואָפן,
מיט מאַקאַבייער־מוט —
באַזיגט די פײַנט, צעקלאַפּט, צעלאָפן.
דער זיג געקאָסט האָט בלוט...

אַוועק פון געטאָס שוין די צײַטן,
אוים קאַמערן פון גאַז...
די „וועלט־דערלייזערס״ פון דער ווײַטן —
זיי גאַווערן מיט האָס.

דו שטרעקסט צו פײַנט די האַנט פון שלום,
נישט הויבן מער קיין שווערד;
ס׳איז שלום דאָך נביאימס חלום
און ברודערשאַפט אויף ערד...

נאָר ס׳שטויסן אָפּ דײַן האַנט די שונאים,
זיי ווילן נישט קיין פריד;
עס שמעקט זיי נאָר דײַן בלוט אַפּנים,
דײַן קרבן, ברודער־ייִד!...

אָ, פאָלק, מיַין פאָלק פון נײַעם ציון,
זאָל לײַכטן דיר דער זיג! —
ווען שונאים נאָר מיט האַס זיי גליִען
און ווילן דווקא קריג...

**בוענאָס־אײַרעס, 20 יוני 1967**

# איבערדיכטונגען

**שמעון פרוג** (רוסיש)

### א.

## טראָג אַוועק מײַן נשמה

טראָג אַוועק מײַן נשמה דאָרט ווײַט אינעם בלוי,
ווו גאָלדענע סטעפּעס אין רחבותן ליגן, —
אַזוי ברייט ווי מײַן טרויער באַשערטער; אַזוי
ווי מײַן וויי, וואָס ווערט קיין מאָל אַנטשוויגן.

איך וועל וועקן די האָפֿנונגען אַלטע אויף ס׳נײַ,
דעם וואַרעמען גלויבן, די ליכטיקע טרוימען, —
ווי אַ כוואַליע אַ ברייטע אין סטעפּישן פרײַ
כ׳וועל די טרערן די הייסע נישט צוימען.

איבער קלינגענדע סטרונעס כ׳וועל פּעסט טאָן אַ שלאָג, —
ווי אַ שטראָם וועלן פלייצן פאַרגעסענע קלאַנגען;
מיט אַ מאָל וועט נשמה אַ גאָס טאָן מײַן קלאָג,
אַלע רייפע, אומענדלעכע באַנגען.

טראָג אַוועק מײַן נשמה אין פרעכטיקן בלוי,
ווו גאָלדענע סטעפּעס אין רחבותן ליגן, —
אַזוי ברייט ווי מײַן טרויער באַשערטער; אַזוי
ווי מײַן וויי, וואָס ווערט קיין מאָל אַנטשוויגן.

ב.

## אַ טרייסט

נאַכט אָן שלאָף. די שעהען קריכן
אינעם טראַכטן לאַנגזאַם, פויל.
שווערע לעבנס-קייטן דריקן
נשמה פלאַמיקע מיט גרויל.

קוקסט אין דר'הויך. ס'איז שטיל און לויטער,
שטערן לאָקן אין עפיר.
דאָרטן ווײַט — ס'איז ליכטיק, פריידיק;
חושך, צרות אַרום מיר.

ווען כ'זאָל קאָנען! ווען כ'האָב פליגל!...
נאָר אומזיסט! אַרום איז שוואַרץ.
און עס בלײַבט אין דעם אַ טרייסט נאָר
פאַר מײַן אויסגעבענקטן האַרץ:

אַז, ס'קאָן זײַן, אין זעלבער רגע
דאָרט פון שטערן, וואָס עס ווינקט,
קוקט אַ גליאיק בחור-טרוימער,
מיט זײַן בליק אין עטער זינקט,

און ס'גערימטע וועלטל אונדזערס —
אָט די ברילע ערד פול מיסט —
זעט אים אויך אוים ווי אַ שטערן,
וואָס פון ווײַט מיט שײַן זי פליסט...

**אלישע ראָדין** (העברעיִש) *

## צוויי לידער

### א.

**
*

קיין שמיץ פון מאָרגן, קיין ברודער, קיין היים נישט,
מיַין הארץ נאָר באַשאַפן פאַר טרויער, פאַר שיר...
אָ, הארץ מיַינס, פאַר איטלעכן טראָפּעלע חדווה
באַצאָלסטו מיט פּיַין און מיט ווײ אָן א שיעור...

אָ, דו, וואָס דו ברענגסט פון די וואָלקנס דעם רעגן,
אָ, העלף מיר אין מיַינע יסורים.
מאַך פליסן פון הארצן די בריִענדע טרערן,
וואָס פולע מיט בענקען און שירים...

---

### ב.

**
*

אָ, ווער פון איַיך וועט מיר דאָס רעטעניש באַשיידן? —
כ'האָב יענע ערד צומאָל נאָך נישט געזען, געקענט;
דאָך בענק איך אַלץ נאָך איר אין מיַינע שטומע ליידן,
איר נאָמען ווי א פלאַם ביַי מיר אין הארצן ברענט.

---

* אלישע ראָדין איז איינער פון די לעצטע העברעיִשע פּאָעטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אין 1946 האָט ער אין מאָסקווע איבערגעגעבן דעם דיכטער אַברהם סוצקעווער אַ העפט מיט זיַינע העברעיִשע שירים, צו באַזאָרגן עס קיין ארץ־ישראל. אלישע ראדינס שירים זיַינען טאַקע שפּעטער דערשינען אין מדינת ישראל. צום מחבר איז דאָס אָפּגעדרוקטע בוך נישט דערגאַנגען: אין זעלבן יאָר — 1946 — איז ער אויס־געגאַנגען... אַ. ז.

ווער וועט מײַן חלום מיר באַשיידן און דערקלערן,
וואָס פֿאַר אַ רמז גיט מען מיר פֿון אויבן?
אָ, לאַנד מײַנס לויטערע, אָ, דײַנע שטערן
רינגלען מיך אַרום בײַנאַכט אין טרוים, אין גלויבן...

אָ, נאַכט פֿון לויטערקייט, פֿון עלית נשמה...
נאָר ווער טוט קלאָגן דאָרט אין דעם פֿרימאָרגן? —
אַ שטים אין פֿרעמדקייט קלינגט, ווי קול ברמה,
דאָס וויינט דער אסיר ציון אין זײַן פּײַן פֿאַרבאָרגן...

היינריך היינע

# בלשאצר *)

מנא מנא תקל ופרסין

די האַלבע נאַכט קומט נענטער צו.
ס'ליגט בבל שטיל, אין זאַנפטער רו.
נאָר אויבן, אין דעם קיניגס שלאָס,
די שרים ליאַרעמען אָן מאָס.
אין קיניג־זאַל בלשאצר האַלט
זײַן קיניג־סעודה — ס'לויכט און שטראַלט.

עס זיצן די שרים אין הערלעכן שײַן
און טרינקען די בעכער מיט פינקלענדן ווײַן.
עס קלינגען די כוסות, עס יובלט, עס רוישט,
דער טראָציקער קיניג ווערט פריידיק באַרוישט.
עס ברענען די באַקן דעם קיניגס ווי גלוט,
אין ווײַן וואַקסט אַלס דרייסטער און דרייסטער זײַן מוט.
ס'פאַרפירט אים דער מוט, ער פאַרשיכורט אים בלינד
און ר'לעסטערט די שכינה אין גאווהשער זינד.
ער גרויסט זיך מיט חוצפה, צעלעסטערט זיך ווילד,
די מחנה פון שרים, זי „בראַוואָ'ט", זי ברילט.
דער קיניג דאַן רופט מיט אַ שטאָלצפולן בליק;
דער דינער אײַלט צו און ער קערט זיך צוריק.
ער טראָגט פיל געשירן פון גאָלד אויף זײַן קאָפּ;
דאָס איז פונעם מקדש כביכולס אַ גאָב.
און ס'כאַפּט דאַן דער קיניג מיט רויבערשער האַנט
אַ הייליקן בעכער געפילט ביזן ראַנד.
ער טרינקט ביזן דעק אוים דעם בעכער מיט האַסט

---

*) איבערגעזעצט פאַרן בינע־ און וואָרט־קינסטלער זשאַק לעווי ע"ה — שפּעטער דער קדוש פון וואַרשעווער געטאָ.

און ר׳האָט זיך מיט שוימיקע ליפּן צעכעסט:
„יעהאָוואַ! כ׳דערקלער דיר אויף אייביק מײַן שפּאָט,
כ׳בין קיניג פון בבל, כ׳לאַך אויס דײַן געבאָט!"
נאָר באַלד, ווי דאָס גרויזאַמע וואָרט זיך דערהערט —
דעם קיניג אין האַרצן גלײַך טרויעריק ווערט.
דאָס הילכיקע לאַכן פאַרשווינדט מיט אַמאָל.
טויט-שטיל ווערט אין זאַל און עס קלינגט נישט קיין קול.
און זעט! אָט-אָ זעט, אויף דער ווײַסקייט פון וואַנט
עס ווײַזט זיך אַזוי ווי אַ מענטשלעכע האַנט;
זי שרײַבט דאָ אַ פלאַמען-געשריפט — וואָרט נאָך וואָרט,
זי שרײַבט און ווערט נעלם, פאַרשווינדט גלייך פון דאָרט...

עס בליקט דער קיניג שטאַר און ווילד,
טויט-בלאַס פאַר שרעק, דאָס בלוט אַזש קילט.
די מחנה קנעכט זיצט שטיל און שטום,
עס הערט זיך נישט קיין קלאַנג אַרום.

עס קומען חרטומים, דאָך קיינער פאַרשטייט
די פלאַמיקע אותיות און זייער באַשייד.
בלשאצר איז אָבער די זעלביקע נאַכט
געוואָרן פון אייגענע קנעכט אומגעבראַכט...

# פון דער רוסישער קלאַסישער דיכטונג

## מ. יו. לערמאָנטאָוו

### א.

### אַ נבואה *)

אַ יאָר, אַ פינצטער יאָר ראַסיי באַשערט,
ווען צאַרן-קרוין וועט פאַלן צו דער ערד;

פאַרגעסן וועט המון די ליבשאַפט באַלד
און שפּייַז פון פיל וועט זייַן נאָר טויט און גוואַלט;

ווען דאָס געזעץ וועט זייַן פאַרשטויסן בלינד,
נישט שיצן מער נישט אומשולד-פרוי, נישט קינד;

ווען די טשומאַ פון עיפּוש-פּגרים וועט
דאַן קריכן דורך די טריבע דערפער, שטעט,

פון כאַטעס רופן מיט אַ פאָך פון האַנט,
און הונגער פייַניקן וועט ס'אָרעם לאַנד;

און שריפות וועלן פאַרבן טייַכן דאַן:
יענע טאָג דערשייינען וועט אַ שטאַרקער מאַן.

---

*) דאָס ליד „אַ נבואה” פאַרטייַטשט מען הייַנט ווי אַ זעלטענע העלזעערײַ וועגן דעם אויפקום אין רוסלאַנד פונעם גרויזאַמען סטאַלין.

דו וועסט דערקענען אים און וועסט פאַרשטיין
וואָס האַלט ער אַ קינזשאַל און וואָס זײַן מיין.

און ווי צו דיר! דײַן וויינען, דײַן געבעט
פאַר אים גאָר לעכערלעך דאַן אויסזען וועט.

ס'וועט זײַן אין אים אַלץ גרויזאַם, שוואַרץ ווי ראָב,
ווי ס'מאַנטל זײַנס, מיט אַ פאַרריסן קאָפּ.

## ב.

## דער מלאך

געשוועבט האָט אַ מלאך אין הימל האַלב-נאַכט,
געזונגען אַ ליד שטיל-פאַרטראַכט;
לבנה און שטערן, און וואָלקנס אַרום
פאַרנומען דאָס ליד האָבן שטום...

געזונגען פון גײַסטער אָן זינדיקן עול
אין שטילן גן-עדנשן טאָל;
געזונגען האָט ער פון באַשעפער פון וועלט,
זײַן לויב איז געווען נישט פאַרשטעלט.

געבראַכט אַ נשמה האָט ער שטילערהייט
דער וועלט, וואָס פול טרערן און לייד;
געבליבן אויף אייביק איז פון זײַן געזאַנג
אין קינדער-נשמה דער קלאַנג.

און לאַנג האָט געדויערט איר בענקשאַפט, גאָר לאַנג,
געברויזט האָט אַ צויבער-פאַרלאַנג.
ס'האָט קיין מאָל פאַרביטן קיין ערדיש געזאַנג
דעם ערשטן, דעם הימלישן קלאַנג...

**א. ס. פושקין**

## א.

## די נאַכט

עס קלינגט מײַן קול פאַר דיר אַ מידער און אַ ליבער,
עס שטערט דעם שווײַגן פון דער נאַכט דער טונקל־טריבער.

ביי מײַן געלעגער ברענט אַ ליכטל טרויריק־זאַכט;
עס פליסט מײַן ליד און ברויזט, עס ברויזט אין שטילער נאַכט.

עס פליסט אַ שטראָם, מיט ליבע פול אין גאַנצן,
אין פינצטערניש פאַר מיר די אויגן דײַנע גלאַנצן.

זיי שמייכלען צאַרט צו מיר און כ'הער זיך גליקלעך אײַן:
„מײַן פרײַנט, מײַן צאַרטער פרײַנט... כ'האָב ליב... כ'בין דײַן"...

## ב.

## אַ בלימל

איך זע אַ בלימל אַ פאַרטריקנטס
אין אַ בוך פאַרגעלט שוין לאַנג;
און ס'קומט מיר אויף באַלד אויפן זינען
אַ משונהקער געדאַנק:

וווּ האָט געבליט עס? וועלכן פרילינג?
ווער האָט אָפּגעפליקט עס? ווער?
אַ האַנט אַ פרעמדע? אַ באַקאַנטע?
און ווי קומט עס דאָ אַהער?

צום אָנדענק פון אַ צאַרטער זװײַג,
אָדער טרויריקן צעשייד?
צי פון אַן איינזאַמען שפּאַצירן
אין אַ פעלד, אַ װאַלד אַן פרייד?

און לעבט נאָך יענער? לעבט נאָך יענע?
װוּ איז איצטער זייער היים?
צי אפשר זײַנען זיי פאַרװעלקט שוין,
װי דאָס בלימל דאָ געהיים?

ג.

## די מוזע

זי האָט געליבט מיך שוין אין פרילינג פון מײַן לעבן,
אַ זיבן־רעריק פײַפעלע האָט זי מיר דאַן געגעבן.

זי האָט פאַרנומען מיך אַ שמייכלדיקע שטיל,
װען כ׳פלעג מיר אויף מײַן פײַפל אָנהייבן מײַן שפּיל.

מיט שוואַכע פינגער און מיט אויפגעגלאַנצטע אויגן;
כ׳פלעג שפּילן הימנען, וואָס דורך געטער נאָר באַוויגן,

און לידער פרידלעכע פון פריגיער־פאַסטוכער באַזאַכט.
אין שטומען דעמבעס־שאָטן פון דער פרי ביז נאַכט

כ׳פלעג פלײַסיק פון געהיימער יונגפרוי לעקציעס הערן;
זי פלעגט אַ טרייסל טאָן די לאָקן פון איר שטערן —

געוועזן איז עס אַ צופעליקע גאָב, אַ פרייד —
זי נעמט דאָס פײַפל און צעשפּילט זיך שטילערהייט:

מיט אָטעם געטלעכן באַלעבט איז עס געווען
און כשוף הייליקער האָט אָנגעפילט מײַן וועזן.

ד.

## דער תפיסהניק

איך זיץ הינטער קראַטן אין תפיסה, אין שמאָך.
אַן אָדלער אַ יונגער פון פרייַקייט פליט אָן.
מייַן חבר טוט בייז מיט די פליגל אַ מאַך —
זייַן בלוטיקע שפּייַז ביי מייַן פענצטער ר׳פּיקט-אָן.

ער פּיקט, און ער וואַרפט, און אין פענצטער ער בליקט.
גלייַך ביידע מיר וואָלטן באַשלאָסן איין וועג.
ער רופט מיט געשריי מיך און בליקן ער שיקט,
און ס׳ווילט זיך אים זאָגן: „קום, לאָמיר אַוועק!"

„מיר פייגל, מיר פרייַע; ס׳איז צייַט, ברודער, צייַט,
„אַהין, הינטער וואָלקנס, ווו באַרג לאָקט פון ווייַט;
„אַהין, ווו עס בלויען די ים׳ען, — קום גיך
„אַהין, ווו ס׳שפּאַצירן... דער ווינט נאָר און איך!"...

# מאָצאַרט און סאַליערי *)

ערשטע סצענע

(אַ צימער)

**סאַליערי:**

מען זאָגט: נישטאָ קיין אמת אויף דער ערד.
נאָר ר׳איז נישטאָ — אויך העכער. דאָס איז קלאָר,
ווי קלאָר עס איז פאַר מיר אַ פּראָסטע גאַמע.
איך בין מיט ליבע צו דער קונסט געבוירן;
נאָך זײַענדיק אַ קינד, ווען ס׳האָט דער אָרגל
צעקלונגען זיך אין אונדזער אַלטער קירכע,
האָב איך זיך צוגעהערט. עס האָבן טרערן
פון זיך אַליין גערונען זיס און שטיל.

---

*) די דראַמאַטישע פּאָעמע „מאָצאַרט און סאַליערי״ האָט פּושקין געשאַפן אין יאָר 1830 — ד״ה דאַן, ווען דער גרויסער רוסישער דיכטער האָט דערגרייכט זײַן קולמינאַציע־פּונקט אין זײַן שאַפן. דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן עטישן און פּסיכאָלאָגישן אינהאַלט, איז געבויט אויף דער דעמאָלט פאַרשפּרייטער לעגענדע, אַז מאָצאַרט איז פאַרסמט געוואָרן דורך זײַן פרײַנט, דעם איטאַליענישן קאָמפּאָזיטאָר סאַליערי.

דער מאָטיוו פון דעם דאָזיקן פאַרברעכן איז געווען די שטאַרקע קנאה פון דעם קינסטלער, וועלכער איז באַזיגט געוואָרן פון מאָצאַרטס זשעני. דערפון טאַקע שטאַמט דער אור־טיטל „קנאה״ פון פּושקינס דראַמאַטישער פּאָעמע. קנאה, איז דאָך דער תוך פונעם ווערק. „מאָצאַרט און סאַליערי״ איז דעריבער נישט אַזוי פיל אַ היסטאָרישע דראַמע וויפל אַן עטישע.

וואָס שײַך דער ייִדישער איבערדיכטונג איז אין דער פּאָעמע אָפּגעהיט געוואָרן די זעלבע פאָרעם ווי אין רוסישן אָריגינאַל: געַנוי די זעלבע פערזנמאָס און ווײַסער פערז.

א. ז.

פאַרוואָרפן פרי האָב איך די פּוסטע שפּילן;
כ'האָב פײַנט געהאַט די וויסנשאַפטן אַלע,
וואָס פרעמד געווען דער מוזיק. מיט שטאַלצקייט
האָב איך פאַרלאָזט זיי און זיך אָפּגעגעבן
בלויז דער מוזיק. ס'איז שווער דער ערשטער טריט
און לאַנגוויַיליק דער ערשטער וועג. אַדורך
די פריִע צרות. כ'האָב אַוועקגעשטעלט
דער קונסט מײַן אַרבעט ווי אַ פוסנבענקל;
כ'ווער באַלמעלאָכע: כ'גיב די פינגער צו
אַ טרוקענע און פאָלגעוודיקע פלינקייט
און טרײַקייט — מײַן געהער. כ'האָב די מוזיק
צענומען ווי אַ טויטן גוף. האַרמאָניע
האָב איך צעגלידערט אַלגעבראַיִש. דאַן
האָב איך געוואַגט שוין, ווי אַן אויסגעשולטער,
זיך אָפּגעבן דעם רייץ פון שאַפונגס-טרוים.
איך האָב גענומען שאַפן, נאָר בשתיקה,
נישט זײַענדיק נאָך דרייסט פון רום צו טראַכטן.
אָפט — נאָכן אָפּזיצן אין שטומער צעלע
אַ צוויי-דרײַ טעג אָן שלאָף גאָר און אָן עסן,
געקוויקט זיך מיט עקסטאַז, התלהבות-טרערן, —
פלעג איך פאַרברענען קאַלט מײַן גאַנצע מי.
כ'פלעג צוזען: קלאַנג, געדאַנק, פון מיר געבוירן,
עס פלעגן, פלאַמענדיק, מיט רויך פאַרשווינדן!...
נאָר וואָס די רייד? ווען ס'איז דער גרויסער גליוק
דערשינען און אַנטפּלעקט אונדז נײַע סודות
(פאַרבאָרגן-טיפע, רייצנדיקע סודות!), —
צי האָב איך נישט פאַרלאָזט אַלץ, וואָס געוווּסט,
וואָס כ'האָב געליבט, אין וואָס כ'האָב היים געגלויבט,
און בין איך מונטער נישט אַוועק נאָך אים
אָן טענות גאָר, ווי יענער, וואָס פאַרבלאָנדזשעטע
און ס'ווײַזט אים עמיצער אַ וועג אַן אַנדער?
מיט שטאַרקער, אומגעהויערער התמדה
כ'האָב סוף-סוף אין דער קונסט, וואָס אָן אַ גרענעץ,

דערגרייכט אַ הויכע, חשובע מדרגה.
איך ווער באַרימט. אין אַלע מענטשנס הערצער
דערוועקן מײַנע שאַפונגען אַן אָפּקלאַנג.
איך בין געווען גליקלעך: ס׳האָט געפרייט מיך
מײַן אַרבעט, מײַן דערפאָלג, מײַן רום. דערצו אויך
די אַרבעטן, דערפאָלגן פון די פרײַנט,
חברים מײַנע אין דער קונסט דער שיינער.
ניין! קיין מאָל האָב איך נישט געוווּסט פון קנאה!
אָ, קיין מאָל נישט! אויך דאַן נישט, ווען פּיטשיני
פאַרכשופט האָט די ווילדע פּאַריז׳אַנער.
אויך דאַן נישט, ווען כ׳האָב ס׳ערשטע מאָל דערהערט
פון „איפיגעניאַ״ די אַרײַנפיר-קלאַנגען.
ווער האָלט, אַז ס׳איז סאַליערי ווען געווען
בעל-גאווהדיק, פאַראַכטעטער בעל-קנאה,
אַ שלאַנג, פון מענטש צעטראָטענע, וואָס זשיפּעט
און נאָגט און גריזשעט זאַמד און שטויב אָנמעכטיק?
אָ, קיינער נישט!... נאָר איצט — איך זאָג אַליין עס —
איך בין בעל-קנאה! כ׳בין אַצינד מקנא;
כ׳בין פּיינלעך-טיף מקנא. — אָ, דו הימל!
אָ, ווו איז יושר, ווען די קדושה-גאָב,
אומשטערבלעכער זשעני עס איז געשאָנקען
נישט ווי באַלוינונג גאָר פאַר הייסער ליבע,
מסירות-נפש, מילדקייט, מי און תפילות,
נאָר ער באַשײַנט דעם קאָפּ פון בעל-שגעון,
פון לעב-יונג פוסט-און-פּאַסניק גאָר?... אָ, מאָצאַרט!

(עס קומט אַרײַן מאָצאַרט).

**מאָצאַרט:**

אַ-האַ! דו האָסט דערזען! מיר האָט געגלוסט זיך,
מיט אומגעריכטן שפּאַס דיך זײַן מכבד.

**סאַליערי:**

ביסט דאָ! — שוין לאַנג?

**מאָצאַרט:**

אָט ערשט. איך גיי צו דיר,
געטראָגן עפּעס־וואָס צו ווײַזן דיר;
נאָר גייענדיק פאַרבײַ אַ שענק — כ׳דערהער
אַ פידל פלוצלינג... ניין, מײַן פרײַנט סאַליערי!
האָסט קאָמישערס אין לעבן נישט געהערט!...
עס האָט דאָרט אין דעם שענק אַ בלינדער פידלער
צעשפילט זיך Voi che sapete. ס׳אַ וווּנדער!
איך האָב געמוזט אַהער דעם פידלער ברענגען,
כדי מיט זײַן קונסט אויך דיך מכבד זײַן.
אַרײַן!

(עס קומט אַרײַן אַ בלינדער זקן מיט אַ פידל)

פון מאָצאַרטן דו שפיל אונדז וואָס!

(דער אַלטער שפּילט די אַריע פון „דאָן זשואַן"; מאָצאַרט קײַכט פון געלעכטער).

**סאַליערי:**

און דו — און דו קענסט לאַכן?

**מאָצאַרט:**

אַך, סאַליערי!
צי האָסטו ניט אַליין געלאַכט דען?

**סאַליערי:**

ניין,
מיר איז נישט קאָמיש, ווען אַ מאַלער־שמירער
גייט פּרווון שמירן ראַפאַעלס מאַדאָנע;
מיר איז נישט קאָמיש, ווען אַ לץ אַ ווויסטער

פאַרשוועכט מיט אַ פּאַראָדיע אַליגיערין.
דו אַלטער, גיי!

**מאָצאַרט:**

שטיי, שטיי: נאַ, נעם-זשע דיר;
נאַ, טרינק פאַר מײַן געזונט אויס.

(דער אַלטער גייט אַוועק)

דו, סאַליערי,
ביסט הײַנט נישט אין הומאָר, כ׳וועל בעסער קומען
צו דיר ווען אַנדערש.

**סאַליערי:**

וואָס האָסטו געבראַכט?

**מאָצאַרט:**

ניין — עט, אַ שטותערײַ. כ׳האָב איינמאָל
אַ שלאָפלאָזער זיך אין דער נאַכט געפּײַניקט,
און דאַן געקומען מיר אַ פּאָר געדאַנקען.
היינט האָב איך זיי פאַרצייכנט. כ׳בין אַ בעלן
דײַן מיינונג הערן וועגן דעם; נאָר איצט
האָסטו צו מיר קיין קאָפּ.

**סאַליערי:**

אַך, מאָצאַרט, מאָצאַרט!
ווען האָב איך נישט קיין קאָפּ צו דיר? זיץ, זיץ;
איך הער דיך אויס.

**מאָצאַרט:**

(בײַ דעם פּאָרטעפּיאַן)

דו שטעל זיך פאָר... נו, וועמען?
נו, טאָקע מיך אַליין — אַ ביסל יִינגער;
אַן אײַנגעליבטער — נישט צו פיל, נאָר לײַכט;

איך בין מיט איר, צי מיט אַ פֿרײַנט — מיט דיר;
כ׳בין לוסטיק... מיט אַ מאָל אַ קבֿר־וויזיע,
אַ חושך פֿלוצלינגער, צי עפּעס ענלעכס...
נו, הער זיך צו.

(שפּילט)

**סאַליערי:**

גענאַנגען ביסט דערמיט
און האָסט געקאָנט בײַם שענק זיך גאָר פֿאַרהאַלטן
און הערן דאָרט דעם בלינדן! — גאָט, דו מײַנער!
דו, מאָצאַרט, זיך אַליין ביסטו נישט ווערט.

**מאָצאַרט:**

נו, איז עס שיין?

**סאַליערי:**

ווי פּרעכטיק און ווי טיף!
וואָס פֿאַר אַ דרייסטקייט און וואָס פֿאַר אַ שלאַנקייט!
דו, מאָצאַרט, — ביסט אַ גאָט און ווייסט אַליין נישט;
איך ווייס עס, איך.

**מאָצאַרט:**

באַ! אין דער אמתן? קאָן זײַן...
נאָר ס׳האָט מײַן געטלעכקייט זיך אויסגעהונגערט.

**סאַליערי:**

הער אוים: קום, לאָמיר מיטאָגן צוזאַמען
דאָרט אין דעם שענק פֿון „גאָלדנעם לייב”.

**מאָצאַרט:**

אדרבה;
מיך פֿרייט עס. כ׳וועל נאָר גיין אַהיים עס זאָגן

מייַן פרוי, כדי זי זאָל דאָרט מיטן מיטאָג
אויף מיר נישט וואַרטן.

(גייט אַוועק).

**סאַליערי:**

כ׳וואַרט אויף דיר; געדענק. —
ניין! כ׳קאָן זיך לענגער נישט אַנטקעגנשטעלן
מייַן מזל: כ׳בין געוויילט, כדי איך זאָל
אים אָפּשטעלן — ווען נישט, איז ווי אונדז אַלע,
פון דער מוזיק די דינער און כהנים,
נישט איך אַליין בלויז מיט מייַן רום פאַרטויבטן...
וואָס נוצט עס דען, אויב מאָצאַרט לעבן בלייַבט
און ר׳וועט נאָך צו אַ נייַער הויך דערגרייכן?
צי ר׳וועט דערמיט די קונסט דערהויבן? ניין!
זי פאַלט צוריק, ווי נאָר ער וועט פאַרשווינדן:
ער וועט קיין יורש גאָר נישט לאָזן אונדז.
וואָס נוצט ער דען? ווי עפּעס דאָרט אַ כרוב,
ר׳האָט אונדז געבראַכט אַ פּאָר גן־עדן־לידער,
כדי אַ פאַרלאַנג אָן פליגל אויפצוועקן
אין אונדז, די ערדישע, — דאַן שווינדן באַלד.
טאָ פלי־זשע, פלי! וואָס פריִער, איז אַלץ בעסער!

אָט — גיפט! די לעצטע גאָב פון מייַן איזאָראַן.
איך טראָג מיט זיך אים אַ יאָר אַכצן —
זינט דאַן האָט ס׳לעבן אויסגעזען פאַר מיר
גלייַך ווי אַ פריקרע ווונד, כ׳בין אָפט געזעסן
מיט שונא זאָרגלאָזן בייַנאַנד בייַם מאָלצייַט.
כ׳האָב קיין מאָל פאַרן פליסטער פון נסיון
זיך נישט געבוקט, כאָטש כ׳בין קיין פחדן נישט.
כאָטש פאַר באַליידיקונג כ׳בין זייער פילבאַר,
כאָטש כ׳ליב דאָס לעבן קנאַפּ. כ׳האָב אַלץ געוואַרט.
ווי האָט דער דורשט נאָך טויט געפּייַניקט מיך —

גיין שטאַרבן? כ'האָב געטראַכט: עס קאָן דאָך זײַן,
ס'וועט ברענגען ס'לעבן פּלוצלינג גאָבן מיר;
קאָן זײַן, באַזוכן וועט מיך דער עקסטאַז,
אַ נאַכט אַ שעפערישע און דערהויבונג;
קאָן זײַן, אַ נײַער היידען שאַפן וועט
גאָר גרויסעס — און כ'וועל קוויקן זיך דערמיט...
בײַ מאָלצײַט-טישן מיטן גאַסט פאַרהאַסטן
האָב איך, קאָן זײַן, געטראַכט, אַן ערגער פײַנט
וועל איך געפינען; ס'וועט, קאָן זײַן, מיך טרעפן
נאָך מער באַליידיקונג פון גאווה-הויך —
דאַן קומסטו מיר צונויף, דו גאָב איזאָראַס.
און כ'בין געווען גערעכט! איך האָב מײַן פײַנט
לסוף געפונען. ס'האָט דער נײַער היידען
מיך מיט באַגײַסטערונג פאַרשכורט טיף!
איצט איז די צײַט! פאַרהייליקט ליבע-גאָב,
גיי איבער היינט אין פרײַנטשאַפטס בעכער.

צווייטע סצענע

(אַ באַזונדער צימער אין אַ שענק; אַ פאָרטעפּיאַן. מאָצאַרט און סאַליערי בײַם טיש).

**סאַליערי:**

דו ביסט הײַנט עפּעס אומעטיק?

**מאָצאַרט:**

איך? ניין!

**סאַליערי:**

ביסט, מאָצאַרט, אויפגערעגט פון וואָס מסתמא?
דער מיטאָג איז אַ גוטער, פײַנער ווײַן,
און דו ביסט כמורנעדיק און שווײַגסט.

**מאַצאַרט:**

כ׳בין מודה,
עס מאַכט מיך אומרויִק מײַן רעקוויעם.

**סאַליערי:**

אַ!
דו קאָמפּאָנירסט אַ רעקוויעם? צי פון לאַנג שוין?

**מאַצאַרט:**

שוין לאַנג. אַ וואָכן דרײַ. אַ מאָדנער צופאַל...
איך האָב דיר נישט דערציילט נאָך?

**סאַליערי:**

ניין.

**מאַצאַרט:**

טאָ הער זשע:
אַ וואָכן דרײַ צוריק בין איך געקומען
אַהיים גאַנץ שפּעט. מען האָט מיר דאָן געזאָגט,
אַז עמעץ האָט געפרעגט אויף מיר. כ׳האָב דעמאָלט
אַ גאַנצע נאַכט געטראַכט: ווער זאָל עס זײַן?
און וואָס זשע דאַרף ער מיך? צומאָרגנס קומט ער ווידער,
דער זעלבער, און ער טרעפט מיך נישט אויף ס׳נײַ.
דעם דריטן טאָג, ווען כ׳בין געווען פאַרטיפט
אין שפּילן מיט מײַן ייִנגל אויף דעם דיל, —
מען רופט מיך. כ׳בין אַרויס. אַ מענטש אין שוואַרצן
האָט, פאַרנעם זיך באַגריסנדיק, באַשטעלט
אַ רעקוויעם און פאַרשוווּנדן. כ׳האָב געזעצט זיך
צו שרײַבן תיכּף — און זינט דאָן איז קיין מאָל
נאָך מיר געקומען מער מײַן שוואַרצער מענטש;
און כ׳בין צופרידן אויך: מיר וואָלט אַ שאָד זײַן
זיך שיידן מיט מײַן ווערק, כאָטש פאַרטיק איז
דער רעקוויעם שוין. נאָר כ׳האָב דערווײַל מיר...

**סאַליערי:**

וואָס?

**מאָצאַרט:**

ס'איז שווער זיך מודה זײַן אין דעם...

**סאַליערי:**

אין וואָס-זשע?

**מאָצאַרט:**

עס לאָזט מיך גאָרנישט רוען טאָג און נאַכט
מײַן שוואַרצער מענטש. גלײַך ווי אַ שאָטן
ער יאָגט זיך אומעטום נאָך מיר. אויך איצט
מיר דוכט זיך, אַז ער זיצט דאָ זאַלבעדריט
מיט אונדז.

**סאַליערי:**

הער אויף! ס'איז קינדערישער פּחד!
צעיאָג דעם פּוסטן רעיון. באָמאַרשע
פֿלעגט אָפֿט מיר זאָגן: „הער, סאַליערי ברודער:
„ווען דיך באַפֿאַלן נאָר מחשבות שוואַרץ,
„דאַן עפֿן אויף אַ פֿלאַש שאַמפּאַניער,
„צי לייען דורך „די הייראַט פֿיגאַראָס".

**מאָצאַרט:**

יאָ! באָמאַרשע איז דאָך דײַן פֿרײַנט געווען;
דו האָסט פֿאַר אים „טאַראַר" דאָך קאָמפּאָנירט, —
אַ פֿײַנע זאַך. פֿאַראַן דאָרט איין מאָטיוו...
איך זינג כסדר אים, ווען איך בין גליקלעך...
לאַ-לאַ-לאַ-לאַ... אַך, זאָג, איז אמת,
אַז באָמאַרשע האָט עמעצן פֿאַרסמט?

**סאַליערי:**

איך גלויב נישט: ר׳איז צו לעכערלעך געווען
צו אָפּטאָן אַזאַ ארבעט.

**מאָצאַרט:**

ר׳איז דאָך זשעני,
ווי דו און איך. און זשעני און אַכזריות —
צוויי זאַכן נישט צום פּאָרן. זאָג, נישט אמת?

**סאַליערי:**

דו מיינסט אַזוי?

(וואַרפט אַריין דעם גיפט אין מאָצאַרטס גלאָז)

נו, טרינק זשע.

**מאָצאַרט:**

כ׳טרינק פאַר דײַן
געזונט, מײַן פרײַנט! כ׳טרינק פאָרן וואָרן בונד,
וואָס בינדט מאָצאַרטן און סאַליערין,
צוויי זין פון דער האַרמאָניע!

(טרינקט).

**סאַליערי:**

שטיי, אָ, שטיי!
אָ, שטיי! האָסט אויסגעטרונקען!... גאָר אָן מיר?

**מאָצאַרט:**

(וואַרפט אַ סערוועטל אויפן טיש)

גענוג, כ׳בין זאַט שוין.

(גייט צום פּאָרטעפּיאַן)

הער־זשע איצט, סאַליערי,

מײַן רעקוויעם.

(שפּילט)

וואָס, דו וויינסט גאָר?

**סאַליערי:**

כ׳גיס די טרערן

צום ערשטן מאָל: עס טוט אי באַנג, אי גוט איז,
גלײַך כ׳וואָלט אַצינד דערפילט אַ שווערן חוב,
גלײַך ס׳וואָלט אַ היילבאַר מעסער אָפּגעהאַקט
אַ קראַנקן גליד מיר! מאָצאַרט פרײַנט, די טרערן...
באַמערק זיי נישט. שפּיל ווײַטער, שפּיל און אײַל
נאָך אָנפילן מיט קלאַנגען מײַן נשמה...

**מאָצאַרט:**

ווען ס׳פילן אַלע אָט אַזוי דעם כוח
פון דער האַרמאָניע! אָבער ניין: די וועלט
וואָלט דאַן נישט עקסיסטירט. ס׳וואָלט קיינער דאַן
געזאָרגט פאַר נויטן פונעם פּראָסטן לעבן, —
ס׳וואָלט יעדער זיך דער פרײַער קונסט געווידמעט!
מיר זײַנען קנאַפּ בר־מזלס, אויסדערוויילטע,
וואָס שעצן גרינג דעם נוץ פאַרהאַסטן,
כהנים פון דער שיינקייט נאָר אַליין.
נישט אמת? אָבער כ׳בין הײַנט נישט געזונט,
עס איז מיר עפּעס שווער. כ׳וועל שלאָפן גיין.
נו, זײַ געזונט!

**סאַליערי:**

צום ווידערזען.

(אַליין)

אָ, מאָצאַרט,
וועסט אײַנשלאָפן אויף לאַנג!... איז ער גערעכט,

און כ׳בין קיין זשעני ? „זשעני און אכזריות —
צוויי זאכן נישט צום פארן״. ס׳איז נישט אמת :
און באָנאַראָטטי ? ... צי ס׳איז אַ לעגענדע
פון נארישן המון — און נישט געווען
קיין מערדער איז פון וואטיקאן דער שעפער ?

## ביכער פון אברהם זאַק:

אַקאָרדן (לידער); גראָדנע, 1918.

„ (צווייטע אויפלאַגע); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1921.

רגעס פון טרוים (טאַנקעס); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1919.

צווישן פיר ווענט (לידער); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע 1920.

אונטער די פליגל פון טויט (צוויי אויפלאַגעס); פאַרלאַג „די צייט", וואַרשע, 3־1921.

„ „ „ „ „ (דריטע אויפלאַגע); בנימין הארץ־פאַרלאַג בערלין־ווין, 1929.

„ „ „ „ „ (רוסישע איבערזעצונג); „גאָסאיזדאַט", מאָסקווע, 1930.

אין שאָטן (נאָוועלן); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1922.

די חורבה און דער פּאַלאַץ (קינדער־מעשהלע); פאַרלאַג „אַלט־יונג", וואַרשע 1923.

אַ זומער־חלום (נאָוועלן); פאַרלאַג א. י. שאַפּירא, וואַרשע 1923.

אונטער היימישע הימלען (פּיעסע אין 3 אַקטן); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

שטאָט־קאַשמאַרן (לידער); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

פאַניע גנב (אַ כראָניק); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1929.

די פּרוי פון שטאָט (נאָוועלן); קאָאָפּ׳ „ביכער", וואַרשע, 1931.

מיט אַש אויפן קאָפּ (לידער); פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947.

יאָרן אין וואַנדער (לידער און פּאָעמעס); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", בוענאָס־איירעס, 1949.

צווישן שאָטנס (דערציילונגען); פון דער סעריע „ביכער פון יידישן פּען־קלוב", פּאַריז, 1950.

אין אומרו פון יאָרן („וואַרשע 1939" אַ"אַנד); פאַרלאַג „יידבוך", בוענאָס־איירעס, 1954.

(פּרעמירט מיט דער סטאָלאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג", ב"א, 1955).

פון אַלע נע־ונדן (לידער); הויפּטפּאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, ב״א, 1955.
קנעכט זענען מיר געווען (באַנד איינס); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1956.
קנעכט זענען מיר געווען (באַנד צוויי); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1956.
(פּרעמירט מיט דער סוראָוויטש־פּרעמיע פון קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק 1957).
אויף שליאַכן פון הפקר (באַנד איינס); פאַרלאַג „ייִדבוך״, ב״א, 1958.
אויף שליאַכן פון הפקר (באַנד צוויי); פאַרלאַג „ייִדבוך״, ב״א, 1958.
(פּרעמירט מיט דער לואיס לאַמעד־פּרעמיע אין ניו־יאָרק, 1959).
אויף פרעמדער ערד (לידער און פּאָעמעס); הויפּטפּאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1962.
אין אָנהייב פון אַ פרילינג (זכרונות); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1962.
אויף וועגן פון גורל (דערציילונגען); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, ב״א, 1964.
אין קיניגרייך פון ייִדישן וואָרט (עסייען און דערמאָנונגען); הויפּטפּאַרקויף: „ייִוואָ״, ב״א, 1966.
פון הייסן אַש (לידער און פּאָעמעס), הויפּטפּאַרקויף: „ייִוואָ״, ב״א, 1967.

## איבערזעצונגען:

פאַר שטוב און עסטראַדע; פאַרלאַג ב. שאַפּירא, וואַרשע, 1938.
מצירי (פּאָעמע פון מ. יו. לערמאָנטאָוו); „נייער פאַרלאַג״, וואַרשע, 1921.
דער פּאָטער (פּיעסע פון א. סטרינדבערג); פאַרלאַג „די צייט״, וואַרשע.
די חתנים (קאָמעדיע פון נ. וו. גאָגאָל); פאַרלאַג „די צייט״, וואַרשע.
דאָס רעכט אויף ליבע (פּיעסע פון מאַקס נאָרדוי); פאַרלאַג „אונדזער בוך״, וואַרשע.
רודין (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע.
די ערשטע ליבע און קלאַראַ מיליטש (ראָמאַנען פון א. ס. טורגעניעוו); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1923.
מאַצאָרט און סאַליערי (דראַמאַטישע פּאָעמע פון א. ס. פּושקין); „צוקונפט״, ניו־יאָרק, יולי 1937.
דריי פּאָר ייִדענע זאָקן (ראָמאַן פון פּאַנטעליימאָן ראָמאַנאָוו), חודש־זשורנאַל „הויזפריינד״ ביים „מאָמענט״, וואַרשע.

